אַ ר י ה  פּ אָ ז י

# [illegible]

אַ דראַמע אין איין און צוואַנציק בילדער
און אַ פאָרשפּיל

פאַרלאַג „סיגנאַל" ביים פראַלעטפען
נ י ו - י אָ ר ק

# פערזאָנען:

פאָרשפּיל:

דער פּרעזידענט
דער סעקרעטאַר
דער פאַרוואַלטער
געשטאַלט אין גרין
געשטאַלט אין געל
געשטאַלט אין ברוין
געשטאַלט אין שוואַרץ
פּראָפעסאָר לאַנדויער
פּראָפעסאָר לאַזאַר האָפמאַן

דראַמע:

לאַזאַר האָפמאַן
מרים האָפמאַן, זיין מוטער
קלאַראַ פאָן ווירטעמבערג
גענעראַל אָטאָ פאָן ווירטעמבערג, איר פאָטער
מאַריאַ פאָן ווירטעמבערג, איר מוטער
קאַרל פילינגער
יאָהאַנאַ אָבערבאַך
באַרוך
פּראָפעסאָר לאַנדויער
הענרי דייוויס
פאַנטאָם פיגור
הענדערסאָן
קאַפּיטאַן קערקהאָפער
שוואַנבערג
דער פירער
פּרעזידענט עבעלינג
צוויי מעכאַניקער, סטודענטן אין ברוינע העמדער, סטודענטן מיט רויטע שלייפן, לעב-יונגען, דער דאָקטאָר, דער מוזיקער, דער שוישפּילער, דער זשורנאַליסט, דער

אַדוואָקאַט, דער פאַבריקאַנט, דער סוחר, דער אַקאַדע־
מיקער, צוויי פּראָפעסאָרן, דער שטאַטסמאַן, האָטעל באַ־
דינער, געהיים אַגענט, עלצטער, דער שענקער, סטענאָ־
גראַפיסטין, דריי קעלנער, מענער, פרויען, שטורמער,
פּאָליציאַנטן, אַרבעטער.

## ציַיט און אָרט:

פאָרשפּיל: דאָ און דאָרט און איבעראַל — אין דער עפּאָכע פון
אויפשטייג פון קאַפּיטאַל און ביז דער עפּאָכע פון זיין גסיסה.

די דראַמע: דייטשלאַנד און שווייץ — אין די יאָרן 1932—1934

# פאָרשפּיל
## ערשטער טייל

אין טיפן הינטערגרונט אַ פייערדיקער שילד אין דער פאָרמע פון אַ האַקנקרייץ. אויף די האַקן פונם קרייץ לויכטן זיך מיט פייערדיקע אותיות די ווערטער: אוניווערסאַלע געזעל־שאַפט — פינאַנץ, אינדוסטריע, און אין צענ־טער פונם קרייץ זיינען אויסגעצייכנט אין אַ פייערדיקן דריי־עק די ווערטער: או'ג'פ'א איבער אַלץ.

דער האַקנקרייץ פאַנגט זיך אָן אויסלעשן און גלייכצייטיק הייבט אָן באַלויכטן ווערן די סצענע.

אַרבעטס־צימער פון דעם פּרעזידענט פון דער אוניווערסאַלער געזעלשאַפט פאַר פינאַנץ און אינדוסטריע, באַקענט אונטערן נאָמען—אונגפא איבער אַלץ. משופּעדיקע, גרויע, אַספאַלטענע ווענט, אָן קאָנטורן, ציען זיך צום אַרויף אין מטושטשדיקע פאָרמען.

צוויי שאַרפע פאַסן ליכט קרייצן זיך איבערן שרייבטיש פונם פּרעזידענט, וועלכער, אַ העל־באַלויכטענער, זיצט אויף זיין שטול, ווי אויף אַ טראָן. דער רעשט פונם זאַל פאַרלירט זיך אין האַלב־טונקלקייט, און די געשטאַלטן, וואָס

דרייען זיך דאָרט אַרום, שאַפן מער דעם איינ־
דרוק פון דערשיינונגען איידער פון ווירקלעכ־
קייטן.

די גאַנצע צייט הערן ניט אויף אָפּצוקלאַפּן אין
מאָנאָטאָנעם טאַקט טעלעגראַף־אַפּאַראַטן, פון
וועלכע עס ציען זיך, אָן אויפהער, פאַרשיידנ־
קאָלירנדיקע שטענגעס מיט די לעצטע נייס פון
טאָג.

ביי יעדער שטענגע זיצט אַ טעלעגראַפּיסט און
רופט אויס די נייס אַזוי ווי זי קומט אָן. די
טעלעגראַפּיסטן זיינען געקליידט אין דעם זעלבן
קאָליר ווי פון די לענטעס, וואָס זיי קאָנטראָלירן.

ביי אַ גרויסער טעלעפאָן־ברעט זיצט דעם פּרע־
זידענטס סעקרעטאַר.

די האַנדלונג קומט פאָר אין נויאָרק, בערלין,
פּאַריז, רוים אָדער לאָנדאָן.

צייט: עפּאָכע פון קאָנצענטראַציע פון קאַ־
פּיטאַל.

**געשטאַלט אין גרין: אַקציעס נומער 1 — שטאָל, אַקציעס נומער 9 — פּעטראָלעאום, געשטיגן אויף 137 פּונקטן.**

**פּרעזידענט: 420!**

**סעקרעטאַר: (אין טעלעפאָן) אוגפּא איבער אַלץ. אַקציעס נומערן 1 און 9 זאָלן שטייגן ביז 420!**

**געשטאַלט אין געל: אַקציעס נומער 7 — פּאַרקער־מיטלען און בוי־אינדוסטריע, אַקציעס נומער 23 — פאַרם־אינ־דוסטריעס, געשטיגן אויף 213 פּונקטן. פּרייז 417.**

פרעזידענט: 573!

סעקרעטאַר (אין טעלעפאָן): אוגפא איבער אַלץ. אַקציעס נומער 7 און אַקציעס נומער 23 זאָלן שטייגן ביז 573!

געשטאַלט אין ברוין: מלוכהשע ווערט־פּאַפּירן גע־שטיגן אויף 79 פונקטן. פּרייז 139.

פרעזידענט (צום סעקרעטאַר): וויפיל פּראָצענט ווערט־פּאַפּירן פאַרמאָגן מיר?

סעקרעטאַר (קוקט אַריין אין רייסטער): ניין און זיבע־ציק און זיבן אַכטל.

פרעזידענט: טערמין?

סעקרעטאַר: אַ העלפט ווערט פעליק אין אַ וואָך אַרום און די איבעריקע — אין טערמינען פון צוויי ביז פינף יאָר.

פרעזידענט: וועלן די פעליקע באַצאָלט ווערן אין אַ וואָך אַרום?

סעקרעטאַר: די מלוכה־קאַסע איז ליידיק. זיי בעטן אַ מאָראַטאָריע.

פרעזידענט: זאָל די בקשה צוריקגעוויזן ווערן!

סעקרעטאַר: די מלוכה וועט דאַן באַנקראָטירן!

פרעזידענט: זאָל זי! (באַטאָנט) אוגפא איז און זאָל זיין די מלוכה! אוגפאַ איבער אַלץ!

אַלע (ווי אַ זאַלפּ): אוגפאַ! אוגפאַ! אוגפא איבער אַלץ!

סעקרעטאַר: אינסטרוקציעס?

פרעזידענט: אויספאַרקויפן אַלע ווערט־פּאַפּירן! דער־נאָך ברייט באַקענט מאַכן אַז די מלוכה באַנקראָטירט. אין מהומה נידערשלאָגן דעם פּרייז ביז 23 און צוריקקויפן! (רייבט זיך די הענט פאַר פרייד) איבער מלוכות?

אַלע: אוגפא!

פרעזידענט: איבער האַנדל?

אַלע: אוגפאַ!

פרעזידענט: איבער אינדוסטריע?
אַלע: אוגפּאַ!
פרעזידענט: איבער פינאַנץ?
אַלע: אוגפּאַ! אוגפּאַ איבער אַלץ!

(מוזיק. מיט ווילדע אויסגעשרייען: „אוגפּאַ! אוגפּאַ איבער אַלץ!" און אין טאַקט פון דער ווילדער מוזיק, דרייען זיי זיך אין אַ קאַראַהאַד, ענלעך צו די מלחמה־טענץ פון די אינדיאַנער. דערנאָך — )

פרעזידענט: באַפעל גייט אַריין אין מאַכט!
סעקרעטאַר (אין טעלעפאָן): אוגפּאַ איבער אַלץ. מלוכהשע ווערט־פּאַפּירן אויספּאַרקויפן. מאַראַטאָריע־בקשה צוריקגעוויזן. זאָל מלוכה באַנקראָטירן. נידערשלאָגן פּרייז ביז 23 און צוריקקויפן!
געשטאַלט אין גרין: שטאָל און פּעטראָלעאום געשטיגן. פּרייז 420.
פרעזידענט: אויספּאַרקויפן! נידערשלאָגן דעם מאַרק ביז 50 און צוריקקויפן!
סעקרעטאַר: (חזרט איבער דעם באַפעל דורכן טעלעפאָן.)
געשטאַלט אין געל: פּאַרקער־מיטלען, בוי־אינדוסטריע, פּאַרם־אינדוסטריעס — פּרייזן געשטיגן צו 517.
פרעזידענט: אויספּאַרקויפן! נידערשלאָגן דעם מאַרק ביז 73 און צוריקקויפן!
סעקרעטאַר: (חזרט איבער באַפעל דורכן טעלפעאָן.)
פרעזידענט (רייבט זיך די הענט): איבער אַלץ?
אַלע (ווי אַ דונער): אוגפּאַ איבער אַלץ!

(מוזיק, טאַנץ און ווילדע אויסגעשרייען פון
נצחון חזרן זיך איבער בעת דער פּוירהאַנג לאָזט
זיך אַרונטער אום צו באַצייכענען אַן איבעררייס
פון צייט: טעג, וואָכן אָדער יאָרן. —— דער
פּוירהאַנג הויבט זיך צוריק אויף איבער דער
זעלביקער סצענע.)

פיגור אין גרין: פּראָדוקציע פון שטאָל און פּעטראָלעאום געפאַלן אויף 73 פּראָצענט; קאָנסומענט געפאַלן אויף 82 פּראָצענט. רעגיסטרירטע אַרבעטסלאָזע 10 מיליאָן 783 טויזנט 539.

פיגור אין ברוין: די שטאָל- און פּעטראָלעאום-אַרבעטסלאָזע ווערן זייער אומרואיק. דעמאָנסטראַציעס איבער אַלע שטעט און שטעטלעך. אַרבעטער הערן זיך גערן צו צו רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע. צוזאַמענשטויסן מיט די פּאָליציי און מיליטער. טויטע און פאַרוואונדעטע.

פיגור אין געל: פּאַרקער אַרבעט בלויז אויף 17 פּראָצענט; קאָנסומציע פון לעבנסמיטלען געזונקען אויף 62 פּראָצענט. הונגער פאַרשפּרייט זיך. קראַנקהייטן.

פיגור אין ברוין: מלוכות און מוניציפּאַליטעטן באַנקראָטירן. ציגזן קענען ניט איינגעקאַסירט ווערן. די פּראָצענטן אויף די ווערט-פּאַפּירן זיינען ניט איינגעצאָלט געוואָרן.

פיגור אין שוואַרץ: אויפשטאַנד אין מלוכה נומער 1. רעוואָלוציע אין מלוכה נומער 2. אין מלוכה נומער 3 דעמאָנסטרירן די אַרבעטסלאָזע. מלוכה נומער 4: אַרבעטסלאָזע איבערפאַלן און רויבן די שפּייז-ווערהייזער. מלוכה נומער 5: אַרבעטער נעמען איבער די פאַבריקן און באַטרייבן זיי אַליין. מלוכה נומער 6: גרויסע שלאַכטן צווישן מיליטער און רעוואָלוציאָנערן; טויזנטער געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. מלוכה נומער 7: אַלגעמיינער סטרייק ווערט גערופן . . .

פּרעזידענט (שפּרינגט אויף און שרייט ווי וואַנזיניק): גענוג! גענוג! ווער שטום! אַרויס פון דאַנען! אַרויס!

(ער כאַפּט אַ שטול און פאַרמעסט זיך מיט אים אויף די פיגורן. די פיגורן אין טויט-שרעק פאַרלאָזן דעם צימער. דער פּרעזידענט אָטעמט שווער און פאַלט צוריק אוועק אויף זיין שטול. כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ.) ——
מיין קאָפּ!

סעקרעטאַר: וואַסער?

פּרעזידענט: וואַסער.

(טרינקט דאָס דערלאַנגטע וואַסער.)

סעקרעטאַר: דאָס וואַסער איז געמישט מיט די טראָפּנס, וואָס דער דאָקטאָר האָט אייך רעקאָמענדירט. דאָס וועט אייך באַרואיקן.

(און די טראָפּנס ווירקן טאַקע. דער פּרעזידענט באַרואיקט זיך און נעמט אָן צוריק זיין געוויינלעכע פּאָזע.)

פּרעזידענט: פּאַרוואַלטער!

(סעקרעטאַר ווידערהאָלט זיין באַפעל אין טעלעפאָן.)

פּאַרוואַלטער: (קומט אַריין).

פּרעזידענט: די לעצטע באַריכטן פון אַלע צענטערן זיינען אַלאַרמירנדיקע. וואָס זיינען די סיבות?

פּאַרוואַלטער: מעכאַניזאַציע. די פּראָדוקציע האָט איבערגעשטיגן דעם געברויך. זיינען אַרבעטער אָפּגעזאָגט געוואָרן פון דער אַרבעט און דער געברויך איז נאָך מער פאַרקלענערט.

פּרעזידענט: און דער רעזולטאַט?

פּאַרוואַלטער: כאַאָס.

פּרעזידענט: אומרואיקייט?

פּאַרוואַלטער: האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע וועלט.

פּרעזידענט: די געפאַר?

פּאַרוואַלטער: אויסערגעוויינלעך.

פּרעזידענט: האָט איר מיטלען?

פּאַרוואַלטער: יאָ.

פּרעזידענט: לאָמיר הערן.

פּאַרוואַלטער: צעטייל און באַהערש! זאָל איין טייל אויפגערייצט ווערן קעגן צווייטן, איין לאַנד קעגן צווייטן — וועט זיך אָנפּאַנגען אַלגעמיינע באַוואָפנונג און דאָס וועט שאַפן אַ נייע פּראָדוקציע. און, חוץ דעם, ווען צעטיילט, וועלן זיי אָפּגעשוואַכט ווערן און מיר וועלן באַהערשן.

פּרעזידענט: ס'קען פירן צו צופיל אויפברויז — צו מלחמה.

פּאַרוואַלטער: מעגלעך. אָבער ס'זיינען דאָ צופיל אַרבעטסלאָזע אויף דער וועלט. ס'וועט ניט שאַדן, אַז עטלעכע צענדליק מיליאָנען וועלן פאַרניכטעט ווערן.

פּרעזידענט: ס'קען אָבער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געפאַר.

פּאַרוואַלטער: מעגלעך. אָבער ס'איז דער לעצטער מיטל. די אָפּעראַציע מוז געמאַכט ווערן.

פּרעזידענט: פון וועמען זאָל זיך עס אָנפאַנגען?

פּאַרוואַלטער: פון דעם שטאָלצסטן און באַלייידיקטסטן, פון דעם וואָס ליידט פון אַ מינדערווערט־צושטאַנד — צו אויפרייצן אים צו האַס און באַרימעריי.

פּרעזידענט: איז דאָ אַזאַ פאָלק?

פּאַרוואַלטער: יאָ.

פּרעזידענט: איז דאָ אַן ערשטער קרבן פאַר אים צו רייצן דעם אַפּעטיט?

פּאַרוואַלטער: איד.

פּרעזידענט: און דער לאָזונג?

פּאַרוואַלטער: האַס—קעגן איד און רעוואָלוציאָנער! הערשאַפט — איבער גאָר דער וועלט!

פּרעזידענט: רעקאָמענדאַציע אָנגענומען. אַ ביוראָ זאָל גלייך געשאַפן ווערן! ווער וועט זי פאַרוואַלטן?

פּאַרוואַלטער: צוליב דער וויכטיקייט פונם ענין — איך אַליין!

פורהאַנג

# פּאָרשפּיל
## צווייטער טייל

דאָס פולע ליכט פאַלט אויף פּראָפעסאָר לאַנ־דויער, וועלכער רעדט אַראָפּ פון אַ הויכער פּלאַטפאָרמע.

הינטער אים, אין שאָטן, פאַרלירן זיך עטלעכע פאַרשוינען אין מיליטערישע מונדירן, און צווישן זיי, ציוויל געקליידט, געפינט זיך העווי דייוויס, וועלכער טראָגט אַ גרויסע ענלעכקייט צום פאַרוואַלטער פון פאָריקן בילד.

פּראָפעסאָר לאַנדויער: אָט די גרונט־כּללים, וואָס מיר האָבן איצט אָנגענומען, זיינען און וועלן פאַרבלייבן הייליק. מיר קומען אַרויס אָפן מיט אונדזער פּראָגראַם און מעג זי זיין באַזונדערס אומאַנגענעם פאַר דער איצטיקער מלוכה־שער, ווירטשאַפטלעכער און סאָציאַלער אָרדנונג, וועלן מיר אָבער ניט איינגיין אויף קיינע קאָמפּראָמיסן און מיר וועלן אין אונדזערע רייען ניט דערלויבן קיין וואַקלונגען.

מיר פּראָקלאַמירן, אַז מיר זיינען איינציק אַלס פאָלק, איינציק אין אונדזער קולטור, איינציק אין אונדזערע אַספּיראַציעס, און מיר זיינען בשום אופן ניט מסכּים אָפּצוזאָגן זיך פון קיין איין זון אָדער טאָכטער פון אונדזער פאָלק, אַפילו אַז דער שיקזאַל האָט זיי טעכניש איבערגעלאָזט אין דרויסן פון די גרענעצן פון אונדזער פאָטערלאַנד. מיר פּראָקלאַמירן עמפאַטיש, אַז סיי זיי און סיי די לענדער, וואו זיי וואוינען, זיינען אונדזערס און זיי וועלן

מוזן אַריבערגיין-אונטער אונדזער הערשאַפט, אַפילו ווען אונדז וועט אויסקומען צו קעמפן פאַר דעם קעגן האָרדן פון דער גאַנ־צער וועלט!

(שטורמדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר דערקלערן אָפן, אַז מיר וועלן ניט געדולדן און פאַר־טראָגן קיין פרעמדע איינפלוסן איבער אונדז! מיר דערקלערן אַ קאַמף ניט נאָר קעגן אונדזערע דרויסנדיקע שונאים, נאָר אויך קעגן אונדזערע אינווייניקסטע שונאים. מיר וועלן זיך אין דער הינזיכט ניט דערלויבן צו זיין סענטימענטאַל. מיר וועלן צו זיי ניט זיין סענטימענטאַל, ווי מיר זיינען ניט סענטימענטאַל צו ראַצן און — ווי ראַצן וועלן מיר זיי אויסראָטן!

(אַפּלאָדיסמענטן.)

ווען איך רייד וועגן אונדזערע שונאים פון דרויסן, מיין איך מיט דעם אָט די אַלע פעלקער, וואָס וועלן זיך שטעלן קעגן אונדזערע אַספּיראַציעס אויסצושפּרייטן אונדזערע גרענעצן אַזוי ווייט און אַזוי ברייט, ביז וואַנען קיין איין מיטגליד פון אונדזער פאָלק וועט ניט בלייבן אין דרויסן פון אונדזער לאַנד. פאַר אָט דער אידייע שווערן מיר צו קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן פון אונד־זער בלוט.

מיר דערקלערן אַ קאַמף קעגן אַלע פשרה־מאַכער און קעגן אַלע דעמאַגאָגן, וועלכע זיינען צוליב פרידנס-אידעאַלן, גרייט צו פאַרראַטן אַלץ — אַפילו אונדזער פאָלקס־ערד. מיר גייען אין די וועגן פון דעם טראַדיציאָנעלן גייסט פון אונדזער פאָלק — מיר פאַרוואַרפן מיט עקל אַלע, אַזוי צו זאָגן, „הומאַניטאַרע" מלחמה־קעגנערישע לאָזונגען. און מיר זאָגן, אַז הומאַניטאַריזם איז טאַקע אַן אידייע — זי איז אָבער צוגעפּאַסט צו פּחדנים און פאַררעטער. אַן עכטער מיטגליד פון אונדזער פאָלק פאַר־וואַרפט אַזעלכע לאָזונגען מיט עקל, ווייל אַן עכטער מיטגליד פון אונדזער פאָלק פילט אַ נאַטירלעכן עקל צו שטאַרבן מיט אַ פרידלעכן טויט ערגעץ אויף אַ בעט . . .

(הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

אַ ליכטיקע צוקונפט — אַ צוקונפט פון וואָפן און העלדנ־מוט — איז גרייט פאַר אונדז. דער שווערד וועט צוריקגע־

קערט ווערן צו זיין אַלטן יחוס, און די פּעדער — נאָך איר איצ־טיקן איבערגעטריבענעם פּרעסטיזש — וועט צוריקגעשטעלט ווערן צו איר געהעריקן פּלאַץ. די פּעדער איז גוט און דער שווערד איז גוט. אָבער דער שווערד איז עלטער און יאָרן אַלס אַ וואָפן, און ער איז דער ענדגילטיקער, דער איבערוועגנדיק־סטער וואָפן — זאָל ער דעריבער פאַרנעמען דעם אויבנאָן!

פון איצט אָן וועט מלחמה מער ניט זיין אַ שטרייט צווישן אַרמייען און אַפילו ניט צווישן פעלקער, נאָר ס'וועט זיין אַ שטרייט צווישן לענדער, וועלט־אַנשויאונגען און עקאָנאָמישע סיסטעמען. די קומענדיקע מלחמה, די גרויסע מלחמה וועט אַנטשליסן דעם שיקזאַל פון אונדזער פאָלק, און ס'וועט טיף איינוואָרצלען אונדזער קולטור אין די הערצער פון אַלע שכנ־עשדיקע פעלקער.

(אַפּלאָדיסמענטן.)

און ווען איך רייד וועגן אינערלעכע שונאים, מיין איך די שרעקלעכע פּעסט, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין אונדזער סאַמע בלוט און פלייש, האָט זיך איינגעגעסן ווי אַ העסלעכע באַציל אין דעם סאַמע האַרץ פון אונדזער זיין — איך מיין די שלאַנג, די ראַץ, די לויז — דעם פילפאַך פאַרדאַמטן, העסלעך און שמוי־ציקן: ד ע ם   א י ד!

(אָוואַציע.)

אים דערקלערן מיר ניט קיין קאַמף — ק אַ מ ף קען באַ־נוצט ווערן בלויז פאַר אַ גלייכן. קעגן אים דערקלערן מיר
א ו י ס ר אָ ט ו נ ג!

(שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.)

קעגן אים און קעגן זיינע אידייען און קעגן די וואָס בלאָנ־דזשען נאָך זיינע אידייען! אויסראָטונג צום אידן און זיינע משרתים — די פאַריער, די קנעכט, די נידעריקע: די מ אַ ר ק־ס י ס ט ן!

(שטורמדיקע אַפּלאָדיסמענטן.)

עס וועט מער ניט דער שוואַרצהאָריקער אידישער אינגל

אָפּהיטן מיט טייוולאָנישער פרייד אונדזערס אַ נאַאיוו מיידל און שענדן זי מיט זיין בלוט ! . . .

(אַפּלאָדיסמענטן.)

מיר וועלן דעם אידן מער ניט דערלויבן צו באַפלעקן אונ־דזער ראַסע, אָנשטעקן אונדז מיט טראָפּנס סם פון זיין בלוט און פאַרפּעסטן אונדזער גייסט מיטן נידערטרעכט פון זיין גייסט !

(אָוואַציע)

מיר וועלן אים מער ניט דערלויבן צו פאַרסמען אונדזער קונסט, פאַרדאַרבן אונדזער ליטעראַטור, אונדזער טעאַטער, שענדן אונדזערע דערהויבנסטע געפילן, אַלע אונדזערע באַגריפן וועגן שיינקייט און דערהויבנקייט און דערפירן דאָס אידעאַלסטע פון מענטש, וואָס איז אין אונדז, צו דער נידעריקייט פון זיין אייגענער נאַטור !

(אָוואַציע)

מיר פּראָקלאַמירן : אַרונטער מיט דעם אידן ! אויסראָ־טונג און פאַרניכטונג צו אים און צו די אַלע, וואָס זיינען פון אים פאַרפירט !

(אָוואַציע.)

ווי אַ ווילד־געוויקס, ווי אַ קאַנסער וועלן מיר אים אויס־שניידן פון דעם קערפּער פון אונדזער פאָלק !

(אָוואַציע.)

פינצטער



# פאַרשפּיל
## דריטער טייל

דאָס פּולע ליכט פאַלט אויף פּראָפעסאָר לאזאַר האָפמאַן, וועלכער אַדרעסירט פון אַ פּלאַטפאָרמע אַ גרופּע גראַדואירנדיקע סטודענטן — מיט רויטע בענדלעך אין די לאַצן.

פּראָפּ. לאַזאַר האָפמאַן: * * * די טעאָריע, אַז פאַר־שיידענע מענטשלעכע גרופּירונגען ווערן באַהערשט פון ספּעצי־פיש־פאַרשיידענע ראַסן־פּסיכאָלאָגיעס, איז אַ פאַרפירערישע. די דאָזיקע טעאָריע איז מיט אַ כוונה אויסגעטראַכט געוואָרן און ווערט קינסטלעריש פאַרשפּרייט מיט דעם איינציקן אַבזיכט־לעכן און פאַרברעכערישן ציל — אָפּצוווענדן די אויפמערקזאַמ־קייט פון די האָרעפּאַשנע מאַסן פון זייערווירקלעכן שונא, וואָס איז ניט קיין אַנדערער, ווי דער קלאַסן־עקספּלואַטאַטאָר. ניט דער „פרעמדער" — ניט דער דרויסנדיקער און ניט דער אינווייניקסטער „פרעמדער" — איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די פאָלקס־ליידן. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי איז דווקא דער דורכ־אויס־„אייגענער"—סיי דער אינווייניקסטער און סיי דער דרויסנ־דיקער „אייגענער" — וועלכער קאָנטראָלירט און אייגננוצט די וועלט־פּראָדוקציע פון מאַטעריעלע נויטן און באַקוועמלעכ־קייטן און האַלט די פּראָדוצירנדיקע מענטשהייט אין צוים און פאַרשקלאַפט.

(אָוואַציע)

איר, מיינע פריינט, וואָס טרעטן היינט אַריבער די גרע־נעץ פון סטודענטשאַפט צו זעלבסטשטענדיקער וויסנשאַפט־

לעבער פאָרשונג און טעטיקייט, מיידט אויס, אַלס וויסנשאַפטס־לייט, פאַרפירט צו ווערן פון פאַלשע טעאָריעס. וויסנשאַפט לייקנט די טעאָריע, אַז אַ וועלכער ניט איז אייגנאַרט פון געדאַנק איז ספּעציפיש בלויז פאַר אַ באַשטימטער מענטשלעכער גרופּירונג. די ווירקלעכע געדאַנקען־שיידונגען ווערן באַשטימט ניט דורך ראַסן־ נאָר דורך קלאַסן־טיילונגען. מיסטיציזם, למשל, איז ניט די אייגנשאַפט פון הינדוסן בלויז, נאָר עס איז אויך די אייגנשאַפט פון דעם אייראָפּעאישן קאַטאָליק. מ׳זאָגט — דער כינעזער איז ראַציאָנאַל, אָבער די הערשנדע קאַסטן פון אינדיע און די הערשנדע קלאַסן פון דער מערב־וועלט זיינען פּונקט אַזוי „ראַציאָנאַל", ווען זיי באַהערשן, אין ערשטן פאַל, די אונטערדריקטע קאַסטן, און אין צווייטן פאַל, די אונטערדריקטע מאַסן.

(אָוואַציע)

די אַנטוויקלטע מענטשלעכע ציוויליזאַציע שאַפט שנעל אָפּ די גרענעצן צווישן פאָלק און פאָלק און צווישן ראַסע און ראַסע. עס קומט פאָר אַן אומאויפהערלעכע טוישונג פון אידייען און געדאַנקען, פון וויסנשאַפטלעכע מעטאָדן, פון דיסציפּלין און אַפילו פון מעטאַפיזישע און רעליגיעזע דאָקטרינען און פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סיסטעמען. די מענטשהייט שפּרייזט שנעל אויפן וועג פון פּראָגרעס און דער מענטשלעכער געדאַנק שפּרייזט מיט ריזיקע שריט פון נאַציאָנאַליזם צו אינטערנאַציאָנאַליזם און פון אינטערנאַציאָנאַליזם צו אוניווערסאַליזם. דער מענטש פון דער צוקונפט וועט זיין ניט דער באַגרענעצטער און איינגעקלאַמפּערטער נאַציע־ אָדער ראַסע־מענטש, נאָר דער אוניווערסאַלער מענטש און זיין געדאַנק וועט זיין ניט דער זעלבסטזיכטיקער נאַציאָנאַל־לאָקאַלער געדאַנק, נאָר דער אוניווערסאַלער געדאַנק.

(אָוואַציע)

און די דאָזיקע צוקונפט איז גאָר ניט אַזוי ווייט, ווי עס קען זיך דוכטן. זאָלן מיר זיך נאָר אַביסל אָנשטרענגען, קען זי נאָך אונדזער אייגענער דור דערלאַנגען. און אום צו דער־

לאַנגען זי, קענט איר, מיינע פֿריינט און קאָלעגן וויסנשאַפֿטס־לייט, אומגעהויער מיטהעלפֿן. די וועלט, סיי די פֿיזישע און סיי די, אַזוי גערופֿענע, גייסטיקע, האָט אירע באַשטימטע געזעצן. צו פֿאָרשן אָט די געזעצן איז דאָס צו וואָס איר ווערט באַרופֿן אַלס וויסנשאַפֿטסלייט. די פֿאָרשונגען מוזן אָבער געפֿירט ווערן אויך מיט אַן אויג אויף די סאָציאַל־פּאָליטישע פֿאַרהעלטנישן פֿון דער וועלט. וויסנשאַפֿט זאָל קודם כל געווידמעט ווערן אויף צו ברעכן קייטן, אויף אָפּצושאַפֿן ליידן פֿון דעם אויבערפֿלאַך פֿון אונדזער ערד. כל זמן עס זיינען פֿאָך דאָ הונגעריקע און פֿאַרצווייפֿלטע צווישן מענטש, איז אונדזער געזעלשאַפֿטלעכע סיסטעמע אַן איבלדיקע! כל זמן שנאה און האַס צווישן מענטש און מענטש איז נאָך דאָ אויף דער וועלט, איז אַ חרפה צו לעבן אויף איר! זאָל דאָס אַלץ אָפּגעשאַפֿן ווערן!

אָט די אומגעהויערע מאָס פֿון מענטשלעכער ענערגיע, וואָס ווערט פֿאַרשווענדט פֿון די האָרעפּאַשניקעס אויף פּראַצע און פֿון די עקספּלואַטאַטאָרן — אויף גייציקייט, און די אַלע קאָנפֿליקטן, וואָס מישן זיך אַריין אין די דאָזיקע פֿאַרהעלטנישן, — זאָל די דאָזיקע ענערגיע באַפֿרייט ווערן פֿאַר קאָנסטרוקטיווע טעטיקייט — ווי אַנדערש מענטש און וועלט וואָלטן דאַן אויסגעפֿורעמט געוואָרן! ר י י נ ע  ר אַ ס ע? ערשט דאַן וועט די ריינע ראַסע אויפֿשטייגן! ניט די אַבשוילעכע, האָפֿנונגסלאָזסטע, אויבערפֿלעכלעכסטע און פֿאַרעלטערטסטע „העלדישקייט" פֿון מלחמה און מיליטאַריזם וועט דעם איבערמענטשן געבוירן, נאָר געוויינלעכע שפּרודלדיקע מענטשלעכע ענערגיע, וועלכע וועט באַפֿרייט ווערן פֿון ניוועץ. דער איבערמענטש איז ניט דער ברוטאַלער וואַמפּיר, וואָס וואַרפֿט אָן שרעק מיט זיינע ציין און נעגל, נאָר דער מענטש־אין־מענטש אין געמיינשאַפֿטלעכער טעטיקייט אין דער נאַטור און מיט דער נאַטור פֿאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילזיין און אַלגעמיינער דערהויבונג.

מיינע געוועזענע סטודענטן און איצטיקע קאָלעגן: — איר אַלע און איך מיט אייך צוזאַמען — פֿאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט!

פינצטער

# בילד איינס

אַן עקספּערימענטאַלע לאַבאָראַטאָריע פון אַ טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט.

משופּעדיק־גלייכע, גרויע ווענט, וואָס ציִען זיך, אָן קאַנטורן, צום אַרויף צו און פאַרלירן זיך אינדערהויך אין אַ קופּאָל, וואָס ווערט מטושטעש, דאָרט אויבן, אין האַלב־טונקלקייט. פון אויבן און פון אונטן ציִען זיך, איבער די ווענט און איבערן חלל פונם צימער, דראָטן אין בולט־רויטע און גרינע קאָלירן, וואָס וועבן און פלעכטן זיך, ווי אין נעצן, שפּרייטן זיך אין אַלערליי ריכטונגען, און קומען זיך דערנאָך צונויף און באַהעפטן זיך אין די פאַרשיידענע עלעקטרישע אינסטרומענטן, וואָס זיינען צעשטעלט איבערן צימער. מאַשינען און איינריכטונגען, קלענערע און גרעסערע, אייניקע אין שטילשטאַנד און אַנדערע אין באַוועגונג, זיינען צעוואָרפן אומעטום וואו ס׳איז דאָ אַ ליידיק אָרט.

אין הינטערגרונט טורעמט זיך אַ הויכע פּלאַטפאָרמע, וואָס האַלט זיך אויף פיר אייזערנע זיילן און צו־ און פון איר פירן טאָפּלטע, שלענגלדיקע טרעפּ. דאָס איז דער אָבסערוואַציע־פּונקט פון דער לאַבאָראַטאָריע און אויף איר

געפינען זיך די קאָנטראָל־מכשירים פון די מאַ־
שינערייען.

צוויי שטאָלענע, סאָלידע און מאַסיווע
ווערקשטאַטן, פאַרשטעלט מיט מאָס־ און קאָנט־
ראָל אינסטרומענטן, אויף רעכטס, וואוהין עס
ציען זיך נעצן פון רויטע דראָטן, און — אויף
לינקס, וואוהין עס ציען זיך גרינע דראָטן.

אין צענטער, לעבן דער פּלאַטפאָרמע,
שטייט אַ גרויסער שרייבטיש, פאַרלייגט מיט פּאַ־
פּירן, צייכנונגען, שרייב־מאַשינקעס, רעכנונג־
מאַשינקעס א. א. וו.

די האַנדלונג קומט פאָר אין בערלין, אין
סעפּטעמבער, 1932.

### דער פּערזאָנאַל אויף דער בינע:

### קאַרל פּילינגער:
שטייט אויף דער פּלאַטפאָרמע.

ער איז אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און פערציק,
הויך, פעסט געבויט, ענערגיש. שוואַרצע, קורץ־
געשוירענע האָר, וואָס זיינען שוין גרוילעך ביי
די שלייפן; אַ טיפער, הויכער שטערן; רוי־
מישע נאָז, אַ שטאַרקע גאָמבע, ריין געראַזירטער
פּנים; טונקל־ברוינע, שאַרפע, דורכזיכטיקע
אויגן.

### לאַזאַר האָפמאַן:
אויפגערעגט, אומגעדולדיק און נערווועז
שפּאַנט ער אום איבערן צימער. ער איז דאָ

און דאָרט און איבעראַל. אָט איז ער בײַם שרײַב־טיש און קוקט אַרײַן אין די ציפערן, וואָס אַקומולירן זיך אין צײַלן בײַ די רעכנונג־ און רעגיסטראַציע־מאַשינקעס, באַלד איז ער בײַ די פאַרשײדענע מאַשינען, און דערנאָכדעם איז ער בײַ די ווערקשטאַטן רעכטס און לינקס און אַפילו אויף דער פּלאַטפאָרמע.

ער איז אַ מאַן פון אַ יאָר אַכט און דרײַסיק. מיטעלער וואוקס. זײַנע באַוועגונגען זײַנען פלינקע, אומגעדולדיקע, נערוויייאישע. זײַן קאָפּ, מיטן קרוין פון לאַנגע, געדיכטע, עטוואָס גע־קרײַזלטע האָר, איז גרויס — עטוואָס צו גרויס אין פּראָפּאָרציע צו זײַן אײדעלן, מאָגערן קער־פּער. זײַן פּנים איז קײַלעכדיק, ברייט, מיט אַ שטענדיקן גוטמוטיקן שמײכל פון אונטער די קורצע געדיכטע וואָנצעס — אַ שײן, נאָבל פּנים פון וועלכן עס בלישצען אַרויס, אין צוגאָב צום שמײכל, פרײַנטלעכע, מילדע, גוטמוטיקע אויגן, וואָס בלאַנקען אָבער אַצינד אָפּ מיט אומרו און אומגעדולדיקייט — די שטימונג פון וועל־כער ער איז איצט, אויפן מאָמענט, באַנומען.

## קלאַרא פאָן ווירטענבערג:

אַן אַריסטאָקראַטישע דײַטשע מײדל. אַכט און צוואַנציק יאָר אַלט. אַן עכט דײַטשער טיפּ פון אַ יונגפרוי. זײער בלאָנד, וואָס איז אין שאַרפן קאָנטראַסט צו דער מאַטאָווער בלײַכקייט פונם פּנים־ און טונקל־ברוינע האָר פון לאַזאַר האָפמאַן און אין נאָך שאַרפערן קאָנטראַסט צו דער טונקל־הויטיקייט פון קאַרל פּילינגער. זי איז אײדל, עלאַסטיש און ריטמיש אין אירע באַוועגונגען, מוזיקאַליש אין איר שטימע; זי

איז פון מיטעלן וואוקס ; איז איינפאַך אָבער
נעט, זויבער און געשמאַקפול געקליידט.

זי זיצט ביים שרייב־טיש, שרייבט און
פאַרשרייבט די ציפערן ווי זיי ווערן אויסגערופן
— באַוועגט זיך פלינק, דאָך געלאַסן, פון
שרייב־מאַשינקע צו די רעכנונג־מאַשינקעס און
צו די אָנגעלייגטע מאַפן, צייכנונגען און טאַ־
בעלן אויפן טיש.

ערשטער מעכאַניקער,
צווייטער מעכאַניקער :
קאָנטראָלירן די אינסטרומענטן אויף די
ווערקשטאַטן פון רעכטס און פון לינקס. ער־
שטער מעכאַניקער — רעכטס, צווייטער מעכאַ־
ניקער — לינקס.

פילינגער (שרייט אַרונטער פון דער פלאַטפאָרמע) : **פאָ־
זיטיווע קראַפט — אויף צען גראַדוסן און פופצן סעקונדן פונם
ציפערבלאַט !**

ערשטער מעכאַניקער (ווידערהאָלט מעכאַניש) :
**פאָזיטיווע קראַפט אויף צען גראַדוסן און פופצן סעקונדן.**

קלאַראַ (ווידערהאָלט דעם זעלבן באַפעל און פאַרצייכנט
אים).

(רעדער פון מאַשינען פאַנגען זיך אָן שנעל באַוועגן. אַ
טייל דראָטן, סיי די האָריזאָנטאַלע און סיי די ווערטיקאַ־
לע, ווערן אָנגעצונדן מיט גרינע און רויטע פייערן, וואָס
באַוועגן זיך אין שטראָמען און כוואַליעס אין אַלערליי
ריכטונגען.)

האָפמאַן (אויפגערעגט, לויפט פון איין ווערקשטאַט צו
צווייטן, קוקט זיך איין אין די רעגיסטראַציע אינסטרומענטן,
ווערט אויסער זיך פון עקסטאַז און ער שרייט אויס) : **עס
ווירקט ! עס אַרבעט ! עס באַוועגט זיך ! דערפאָלג ! . . .**

(ער לויפט אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע, לעבן פּילינגערן) **עס אַרבעט ? יאָ ? דערפאָלג ?**

פּילינגער : (פּאַרטיפט אין זיין אָבסערוואַציע, מאַכט אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג, אַז האָפמאַן זאָל אים ניט שטערן און ענטפערט אים ניט).

האָפמאַן : (ווי אַ פאַרשולדיקטער פאַר זיין אומגעדולדי- קייט, לויפט ער אַרונטער פון דער פּלאַטפאָרמע, קומט צו צום שרייבטיש און שטעלט זיך אַוועק אין אַן אומגעדולדיקער פּאָזע פון דערוואַרטונג).

די מאַשינען : (רוישן, באַוועגן זיך — שטאַרקער און שטאַרקער, שנעלער און שנעלער ; ביז וואַנען זיי שטעלן זיך איין אין אַ שנעלער טעמפּאָ).

פּילינגער (שרייט אַרונטער) : **רעזולטאַט ?**

ערשטער מעכאַניקער : **זיבעצן טויזנט דריי הונדערט פיר און זעכציק — פּאָזיטיוו !**

קלאַראַ : (ווידערהאָלט און פאַרשרייבט).

צווייטער מעכאַניקער : **פינף טויזנט זיבן הונדערט אַכט און אַכציק — נעגאַטיוו !**

קלאַראַ : (ווידערהאָלט און פאַרשרייבט).

פּילינגער : **באַלאַנס ?**

קלאַראַ (חשבונט) : **עלף טויזנט פינף הונדערט זעקס און זיבעציק.**

פּילינגער (באַאָבאַכטעט זיינע אינסטרומענטן און פירט אַ פאַרגלייך) : **ריכטיק ! פּראָצענט פון געווינס ?**

קלאַראַ (חשבונט שנעל) : **זעקס און זעכציק און צוויי דריטל.**

פּילינגער (שרייט אַרונטער) : **פּאָזיטיווע קראַפט פאַר- טאָפּלען !**

ערשטער מעכאַניקער : **פּאָזיטיווע קראַפט אויף 20 גראַדוסן און 30 סעקונדן !**

קלאַראַ : (ווידערהאָלט און פאַרשרייבט).

(שנעלערער טעמפּאָ פון די מאַשינען. שטאַרקערער גע־
רויש. גרעסערע שטראָמען פונקען איבער די דראָטן.)

האָפּמאַן: (ווערט נאָך מער אומגעדולדיק און אָנגע־
שטרענגט, לויפט צום ערשטן מעכאַניקער און קוקט אַריין אין
די ציפערן דאָרט און לויפט דערנאָך צום צווייטן מעכאַניקער
און באַאָבאַכטעט. דערנאָך קומט ער ווידער צו צום טיש און
און וואַרט אויף די רעזולטאַטן).

פילינגער: **רעזולטאַט?**

ערשטער מעכאַניקער: **זעקס און אַכציק טויזנט
אַכט הונדערט און צוואַנציק.**

קלאַראַ: (ווידערהאָלט און פאַרשרייבט).

צווייטער מעכאַניקער: **פערצן טויזנט פיר הונדערט
און זיבעציק. — נעגאַטיוו.**

קלאַראַ (ווידערהאָלט און פאַרשרייבט).

פילינגער: **באַלאַנס?**

קלאַראַ (חשבונט אויס): **צוויי און זיבעציק טויזנט דריי
הונדערט און פופציק.**

פילינגער (גיט אַכטונג אויף זיינע אינסטרומענטן):
**ריכטיק! פּראָצענט פון געווינס?**

קלאַראַ (באַרעכנט שנעל): **דריי און אַכציק און איין
דריטל.**

האָפּמאַן (איז אויסער זיך פאַר פרייד): **דריי און אַכ־
ציק און איין דריטל! ריינער געווינס!**

(דער טומל און דאָס גערויש זיינען נאָך שטאַרקער. פּי־
לינגער הויבט אויף דעם קאָפּ פון זיינע אינסטרומענטן,
קוקט זיך אַרום, באַטראַכט די באַוועגונגען פון די מאַשי־
נען, באַטראַכט די אינסטרומענטן, און דאַן גייט ער
מיושבדיק צו צו אַ קאָנטראָל-הענטל, און לאָזט זי לאַנגזאַם
אַרונטער.

עס ווערט פּלוצים שטיל און רואיק. די באַוועגונגען
שטעלן זיך אָפּ, די פלאַמען אויף די דראָטן לעשן זיך אויס).

האָפּמאַן (ווי איבערגעשראָקן, שרייט ער אוים): **פּי־לינגער, איר האָט עס אָפּגעשטעלט?**

פּילינגער: **אָפּגעשטעלט.**

האָפּמאַן: **עקספּערימענט געענדיקט?**

פּילינגער: **געענדיקט.**

האָפּמאַן: **רעזולטאַט?**

קלאַראַ: (שטעלט זיך אויף און קוקט נייגעריק אויף פּי־לינגערן).

פּילינגער (ענטפערט ניט. ער גייט געמיטלעך אַרונ־טער פון דער פּלאַטפאָרמע און אויפן וועג וואַרפט ער פון זיך אַרונטער די אַרבעטער־בלוזע. ער קומט אַרונטער, און אַנשטאָט צו ענטפערן האָפּמאַנען, ווענדט ער זיך צו די צוויי מעכאַני־קער): **דער עקספּערימענט איז געענדיקט. איר קענט זיך איצט גיין.**

(די מעכאַניקער פאַרלאָזן דעם צימער.)

האָפּמאַן (אומגעדולדיק): **פּילינגער! וואָס איז דער רעזולטאַט?**

פּילינגער (קוקט מיט חשד אויף קלאַראַן און שווייגט).

קלאַראַ (פאַרשטייט פּילינגערס חשד און זי פאַרנעמט זיך אַרויסצוגיין): **אָ, איך גיי שוין.**

האָפּמאַן (פאַרוואונדערט): **איר גייט שוין?** (אָבער ער כאַפּט זיך גלייך פאַרוואָס זי וויל אַוועקגיין און ער פאַר־שטעלט איר דעם וועג) **איר דאַרפט ניט אַוועקגיין.** (צו פּילינ־גערן:) **פרײַלין פאָן ווירטענבערג מעג מען טרויען. איר קענט זיך פריי אַרויסזאָגן.**

פּילינגער (נאָך אַלץ אומצוטרוילעך): **מעג איך?**

האָפּמאַן: **איר מעגט!**

פּילינגער (זיין אויסזען ענדערט זיך. ער הערט אויף צו טראָגן אויף זיך דעם אָנשטעל פון גלייכגילטיקייט און איבער זיין פּנים פאַרשפּרייט זיך דער אויסדרוק פון פרייד און באַ־גייסטערונג. זיינע אויגן צעפינקלען זיך און ער קומט האַסטיק

צו צו האָפמאַנען און דריקט באַגייסטערט זיין האַנט) : האָפ־מאַן ! דערפאָלג ! אַ סך אַ גרעסערער דערפאָלג איידער איך האָב דערוואַרט !

האָפמאַן (פון גרויס אויפרעגונג פאַנגט ער זיך אַזש אָן צו וואַקלען) : דערפאָלג ? . . .

פילינגער : גרויסער דערפאָלג !

האָפמאַן (איז אַזוי אויפגערעגט, אַזש ער מוז זיך אָנ־שפּאַרן אָן טיש) : און איך, זענענדיק אייער גלייכגילט, האָב געמיינט . . . הייסט עס, אַז מיינע קאַלקולאַציעס זיינען דאָך ריכטיק . . .

פילינגער : פּינקטלעך ביז אַבסאָלוט ! ס'איז שוין מער ניטאָ דער מינדסטער צווייפל.

האָפמאַן : אָ, פילינגער, אַ דאַנק !

פילינגער : אָ, מיר דאַנקט ניט, האָפמאַן !

האָפמאַן : אייער עקספּערימענט !

פילינגער : אָבער אייער געניאַלע דערפינדונג ! אייער קאַלקולאַציע !

קלאַראַ (דערפרייט און באַגייסטערט, קען זי זיך ניט איינהאַלטן און זי רופט אויס) : ווירקלעך אַזוי גרויס, הער פילינגער ?

פילינגער : (איז נאָך ניט אינגאַנצן פריי פון זיין אומצו־טרוי צו איר און ער ווייסט נאָך אַלץ ניט אויף וויפיל ער מעג אָפנהאַרציק זיין אין איר קעגנוואַרט. שווייגט ער).

האָפמאַן (מערקט עס) : איר קענט פריי רעדן, פילינגער !

פילינגער : אַבסאָלוט פריי?

האָפמאַן : יאָ !

פילינגער (צו קלאַראַן) : איך בעט ביי אייך אַנטשולדי־קונג, פרייליין פאָן ווירטענבערג, אָבער איך קען דאָך אייך כמעט ניט . . . און מיט אַזאַ גרויסער זאַך מוז מען זיין פאָר־זיכטיק . . . די דערפינדונג איז נאָך גרעסער איידער איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. בלויז זעכצן און צוויי דריטל פּאַרלוסט פון

ענערגיע לגבי צוואַנציק גראַדוסן געווינס! דאָס מיינט — שאַפן נייע מאַטעריע פון גאָרנישט! דאָס מיינט אייביקע באַוועגונג! און נאָך מער ווי דאָס: עס מיינט ענערגיע וואָס אַנטוויקלט זיך פון זיך אַליין און וואָס זי אַנטוויקלט זיך אַלץ גרעסער און גרעסער אין פּראָפּאָרציע פון איר אַנטוויקלונג, ביז אַ גראַד וואָס זי שטייגט זיך זעלבסט אַריבער און דער פּאָזיטיוו ווערט אינגאַנצן עלימינירן דעם נעגאַטיוו! דאָס הייסט, אַ פולשטענדיקע אָפּלייקענונג און פאַרניכטונג פון אַלע, ביז איצט אַקצעפּטירטע פון דער וויסנשאַפט מאַטעמאַטישע און פיזיקאַלישע כללים! דאָס מיינט, אַ פולשטענדיקע רעוואָלוציע אין מענטשלעכן וויסן — דער אוניווערס אין אַ פולשטענדיק נייער און אַבסאָלוט אַנדער פאַרשטעלונג! דאָס מיינט אויך, אַז אַלע מיטלען פון ענערגיע, וואָס מענטשן האָבן ביז איצט גענוצט, אָדער וואָס זיי האָבן אַמאָל געטרוימט צו נוצן, זיינען לגבי דער ניי־געשאַפענער ענערגיע אַזוי פּרימיטיוו, ווי פּרימיטיוו עס איז די באַוועגונג פון אַ וואָרים לגבי אַן עראָפּלאַן! האָפמאַן, אייער שעפּפערישער געווינס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין דער מענטשלעכער געשיכטע!

קלאַראַ: (שטרעקט אויס איר האַנט צו האָפמאַנען): אָ, הער פּראָפעסאָר, ווי גליקלעך איך בין פאַר אייך! דערלויבט מיר צו גראַטולירן אייך!

האָפמאַן (דריקט איר האַנט): אַ דאַנק, קלאַ... (פאַרכאַפּט זיך) פרייליין פאָן ווירטענבערג! אָבער הער פילינגער, דוכט מיר, איבערטרייבט אַביסל אין זיינע שבחים צו מיר.

פילינגער: איבערטרייב?... פאַרקערט, איך ניט־דערטרייב! אַפילו די רעזולטאַטן פון אונדזער נישטיקן עקספּערימענט זיינען אַריבער אַלע מיינע פריערדיקע דערוואַרטונגען. איך מיין די פּראַקטישע רעזולטאַטן. אָט דאָס ברעקל סטאַנציע האָט דערגרייכט אַריבער צוויי און זיבעציק טויזנט קראַפט! ס'איז דאָך גענוג ענערגיע צו באַוועגן מיט גרויס שנעלקייט די גרעסטע צוויי שיפן פון דער וועלט. איצט שטעלט זיך פאָר אַן אמת'ע סטאַנציע! אַ טויזנט מאָל פאַרגרעסערטע! איין סטאַנציע קען קלעקן פאַר אַ גאַנצן קאָנטינענט!

קלאַראַ (מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם): קאָנטינענט!

פילינגער: אַ גרויסע סטאַנציע קען מעגלעך קאָנטראָלירן די קלימאַטישע באַדינגונגען פון אַ גרויסן געביט!

קלאַראַ: די קלימאַטישע באַדינגונגען?!

האָפמאַן: איך האָב אַלעמאָל געדענקט, אַז צווישן אונדזביידן בין איך דער ענטוזיאַסט, פילינגער...

פילינגער: ענטוזיאַסט?... יאָ! ביי דעם אָנגעזיכט פון אַזאַ גרויסקייט, ב י ן איך אַן ענטוזיאַסט. איך איבערטרייב אָבער ניט. איר זייט דער מאַטעמאַטיקער, האָפמאַן, און איך בין דער אינזשענער. איך זע די מעכאַניקע פון דער זאַך! גיט מיר די מיטלען אויפצושטעלן אַ סטאַנציע אין שפּיצבערגען, און אין משך פון אַ פּאָר יאָר וועל איך צעשמעלצן דעם אייז פון נאָרט־פּאָל און ענדערן דעם קלימאַט פון גאַנץ־אייראָפּע. אָדער גיט מיר אַ סטאַנציע אין עגיפּטן און איך וועל באַוואַסערן דעם סאַכאַרע־מדבר.

קלאַראַ (באַגייסטערט): אָ, פּראָפ. האָפמאַן, און דאָס האָט איר אַזוינס דערפונדן! ווי גליקלעך איך בין, וואָס איך בין כאָטש אייער סעקרעטאַר!

האָפמאַן: סעקרעטאַר?...

(און ער שטרעקט איר אויס זיין האַנט. דורך זייער הענטדרוק קומען זיי צו אַ שטומער איינפאַרשטענדעניש און זיי ציען זיך איינע צו די אַנדערע מיט זייערע גאַנצע קערפּערס. ווי זיי וואָלטן זיך ערשט דערקענט און פאַרשטאַנען. ווען פילינגער איז ניט דערביי, וואָלטן זיי געוויס אַריינגעפאַלן איינע אין דעם אַנדערנס אָרעמס.)

האָפמאַן (גליקלעך פון דעם שטומען איינפאַרשטיין זיך): סעקרעטאַר!

(זיי ווענדן זיך אָפּ פון צווישנאַנאַנד, און קלאַרא, אַ באַגייסטערטע, אַ גליקלעכע, ווענדט זיך צו פילינגערן:)

קלאַראַ: מיט דער צייט וועט עס אפשר אָפּשאַפן אָרימקייט פון דער וועלט.

פילינגער: אָרימקייט בלויז? ניין, נאָך מער! ס'וועט אָפּשאַפן מי און אַרבעט! ס'וועט שאַפן דעם נייעם מענטשן! דעם איבערמענטשן! ס׳וועט שאַפן די נייע געזעלשאַפט! די איבערגעזעלשאַפט!

קלאַראַ (מאַכט אַ באַוועגונג ווי זי וואָלט געטרונקען אַ טאָסט): אָ, פאַר יענער צייט!

האָפמאַן (מאַכט איר נאָך): און פאַר דעם אינזשענער פילינגער, דעם בויער פון יענער צייט!

פילינגער: און פאַר דעם רעוואָלוציאָנער פּראָפעסאָר לאַזאַר האָפמאַן, דעם נביא, דערפינדער און באַגרינדער פון יע־נער צייט!

(האָפמאַן און פילינגער דערלאַנגען זיך די הענט און קלאַ־ראַ פאַראייניקט זייערע ביידנס הענט מיט אירער. די לינקע הענט האַלטן זיי אין דער־הויך ווי ביי אַ שבועה. ס'איז אַ האַלב שפּילעוודיקע און האַלב ערנסטע פּאָזע.)

פורהאַנג:



# בילד צוויי

דער אַרבעטס־צימער פון לאַזאַר האָפמאַן. אַ גרוימער, ליכטיקער צימער. צום הינטערגרונט, רעכטס, אַ ברייטער דורכגאַנג. קעגנאיבער — אַ טיר וואָס פירט אין דרויסן. לינקס, אין הינטערגרונט, אַ טאָפּלטער פענצטער, דורך וועלכן עס זען זיך צווייגן פון ביימער, וואָס די בלעטער האָבן זיך שוין פון זיי אַראָפּגעשאָטן. רעכטס, נעענטער צום הינטערגרונט, אַ טיר וואָס פירט צו די אינווייניקסטע צימערן פון הויז. צום פאָדערגרונט צו, רעכטס, דער טיש פאַר צייכענען פון אינזשענער קאַרל פּילינגער, פאַרלייגט מיט צייכנונגען, נויטיקע אינסטרו־מענטן, מאַפּן, א. ד. ג. לינקס, ביי די פענצטער, דער שרייב־טיש פון לאַזאַר האָפמאַן, און אין פאָדערגרונט, עטוואָס נעענטער צום וואַנט, לינקס, אַ זאָפע, אַ טישל און עטלעכע שטולן.

צוויי גרויסע פענצטער אין וואַנט, לינקס, גייען אַרויס אין אַ גאָרטן. שאַפעס מיט ביכער זיי־נען אָנגעשטעלט ביי אַלע ווענט און איבער זיי הענגען אויל־בילדער און צווישן זיי איז דאָ אַ פאָטאָגראַפיש בילד פון לאַזאַר האָפמאַנס על־טערן, זיידע און באָבע. דער זיידע אויפן בילד איז אין אַ יאַרמאָלקע און מיט לאַנגע באָרד און פאות.

אויף פעדעסטאַלן, רעכטס און לינקס, שטייען אַ בוסט פון בעטהאָווען און אַ רעפּראָדוקציע פון מיקל אַנדזשעלאָס סטאַטוע „משה".

אַ העלער נאָכמיטאָג אום סוף סעפּטעמבער, 1932.

קאַרל פּילינגער: (שטייט ביי זיין טיש מיט אַ ווירע אין איין האַנט און מיט אַ בליישטיפט אין דער צווייטער און איז פאַרטיפט אין מאַנוסקריפּטן, וואָס ליגן לעבן אים אויפן טיש).

יאָהאַנאַ: (קומט אַריין פון רעכטס. זי איז די הויז־ווירטין פון לאַזאַר האָפמאַן — אַ מיטליעריקע דייטשע פרוי. זי מערקט ניט פּילינגערן, און טרעט צו צו האָפמאַנס טיש און פאַנגט אים אָן אויפראַמען).

פּילינגער: (שטייט אויף און רוקט אָפּ זיין שטול. עס ווערט אַ גערויש).

יאָהאַנאַ (טוט אַ ציטער און קוקט זיך אום. זי דערזעט פּילינגערן און איז איבעררראַשט): אָ, הער פּילינגער!

פּילינגער: (פאַרטיפט אין זיין אַרבעט, שענקט איר קיין אויפמערקזאַמקייט ניט).

יאָהאַנאַ: איך האָב געמיינט, אַז דאָ איז קיינעם ניטאָ, בין איך געקומען אויפראַמען. אויב איך שטער אייך, וועל איך עס אָפּלייגן אויף שפּעטער.

פּילינגער (פאַרטיפט אין זיינע חשבונות): איר שטערט מיר ניט.

יאָהאַנאַ (וועלכע איז תמיד צופרידן אויסצונוצן אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס): און אַז איך ראַם איז דען אַ פּעולה? מיין גאָט, איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזאַ נאַכלעסיקן מענטשן ווי הער האָפמאַן. איך צעלייג אַלץ אין אָרדענונג און אין אַ האַלבער שטונדע אַרום איז ווידער אָנגעוואָרפן. ווי איך וואָלט דעם צימער גאָר קיינמאָל ניט געראַמט . . .

פּילינגער (צעשטרייט): יאָ, יאָ.

יאָהאַנאַ (באַטראַכט אים, פאַרשטייט אַז ער האָט ניט געהערט, טוט זי מיט ביטול אַ מאַך מיט די אַקסלען) : איך רייד וועגן העד האַפּמאַנען. ער איז זייער אַ נאַכלעסיקער מענטש, זאָג איך. ער האַלט קיין זאַך ניט אין אָרדנונג. מען דאַרף אים נאָכגיין ווי אַ קליין קינד.

פילינגער : (הערט ניט וואָס זי רעדט און הויבט ניט אויף זיין קאָפּ פון זיינע חשבונות).

יאָהאַנאַ (שטייט אַ ווײַלע, באַטראַכט אים, איז זיך קענטיק מיאש צו פאַראינטערעסירן אים אין אַ שמועס, טוט זי אַ מאַך מיטן האַנט און נעמט זיך צוריק פאַר איר אַרבעט. באַלד שטעלט זי זיך אָבער אָפּ און איז זיך מישב, אַז זי מוז דאָך ריידן צו אים, קומט זי צוריק צו זיין טיש און מיטן באַרשט אין האַנט, שטעלט זי זיך קעגן אים אַוועק) : הער פילינגער!

פילינגער (הויבט ווידער אויף דעם קאָפּ און לאָזט אים גלייך צוריק אַראָפּ) : יאָ? . . .

יאָהאַנאַ : אויב איך שטער אייך — —

פילינגער : זאָגט וואָס איר ווילט.

יאָהאַנאַ : איך האָב צו אייך אָנגעהויבן רעדן וועגן הער האַפּמאַנען. ער איז תמיד אַ פאַרטראַכטער, אַ צעטראָגענער. ווען ער עסט, ווייסט ער ניט וואָס ער עסט (לאַכט). ער האָט זיך נעכטן אַריינגעשאָטן זאַלץ אין זיין קאַווע. אַז איך זאָל אויף אים ניט אויפפאַסן, וואָלט ער אַפילו געשאָטן צוקער אין זיין זופּ. ווען ער וואָלט געווען פאַרהייראַט, וואָלט ער אויף זיין פרוי אויך — —

פילינגער : געשאָטן זאַלץ?

יאָהאַנאַ : וואָס אייך קען איינפאַלן. איך מיין צו זאָגן, אַז הער האַפּמאַן איז אַ נאַכלעסיקער מענטש. אַלע זאָגן, אַז ער איז אַ געניאַלער מענטש. געוויס! — אַז אַ מענטש הערט ניט ווען מ׳רעדט צו אים . . .

פילינגער : איז וואָס־זשע ווילט איר?

יאָהאַנאַ : איך מיין דאָס קעגן אייך. אַמאָל זיינט איר אויך אַזוי . . . איך מיין, אַזוי צו זאָגן . . .

פילינגער (שמייכלט): גענייאַל? ...

יאָהאַנאַ: ניין, ניט דאָס! אַז איר רייסט איבער און לאָזט מיך ניט ענדיקן. איך האָב געמיינט, אַז אַמאָל רעד איך צו אייך און איר הערט אויך ניט. אָט האָט איר אויף מיר פריִער געקוקט און מיך גאָרניט געזען — —

פילינגער: איז וואָס? איך האָב געאַרבעט.

יאָהאַנאַ: זיינט איר דען אויך אַ איד, הער פילינגער?

פילינגער: בלויז אידן אַרבעטן דען? ...

יאָהאַנאַ: וואָס אייך קען איינפאַלן. איך מיין, וואָס איר זייט אויך אָפּטמאָל צעשטרויט. איר זיינט דאָך אָבער ניט קיין דייטש.

פילינגער: פון וואַנען נעמט איר זיך עס?

יאָהאַנאַ: איר זעט ניט אויס ווי קיין דייטש. איך האָב נאָך קיין דייטש ניט געזען וואָס זאָל זיין אַזוי טונקל-הויטיק ווי איר, מיט אַזעלכע שוואַרצע האָר... איר זיינט דאָך אָבער ניט קיין איד? ...

פילינגער: ווער ווייסט —

יאָהאַנאַ: וואָסי, איר ווייסט גאָר ניט?

פילינגער (שמייכלט): און איר, יאָהאַנאַ, זיינט זיכער אַז איר זיינט נישט קיין אידישע?

יאָהאַנאַ (באַליידיקט): וואָס מיינט איר? —

פילינגער: אין משך פון דורות, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ בלוטן עס האָבן זיך אַריינגעמישט אין אונדזערע אָדערן. מיר פאַרמאָגן אין זיך אפשר ניט נאָר אידיש בלוט, נאָר אַפילו אויך מאַלפּן-בלוט.

יאָהאַנאַ: איך האָב אויך געהערט ריידנדיק אַז מיר שטאַמען פון מאַלפּעס, אָבער מיר גלויבט זיך עס ניט. און אַמאָל האָט וועגן דעם גערעדט דער גלח אין קירך און ער האָט אויך געזאָגט אַז ס'איז אַ ליגן. וואָרים, אַז גאָט וואָלט געוואָלט מאַכן די מענטשן פאַר מאַלפּעס, וואָלט ער דאָך קיין

מאַלפּעס ניט באַשאַפן . . . מיר איז דאָך אַ חידוש, וואָס איר זיינט, הער פילינגער.

פילינגער: איך ווייס אַליין ניט.

יאָהאַנאַ: זיינט איר דען אַן אונטערגעוואָרפענער?

פילינגער: וואָס מיינט איר?

יאָהאַנאַ: איך מיין, אַז אייער מוטער האָט אייך פאַרלאָזט ווען איר זיינט נאָך געווען אַ קינד און איר ווייסט ניט ווער זי איז געווען.

פילינגער (מיטן אַבזיכט צו פאַרטומלען זי): הערט, יאָהאַנאַ, — מיין עלטער זיידע איז געווען דער זון פון אַן ענגלענדער און אַן אירלענדערין. ער איז געווען אַן אָפיציר פון דער ענגלישער אַרמיי אין אינדיע. מיין עלטער באָבע איז געווען אַ הינדוסערין. מיין באָבע איז געווען אַ טערקישע פרוי, וואָס איר מוטער איז געווען אַ רוסישע, איר באָבע — אַ גרוזינערין און איר עלטער באָבע — אַ ציגיינערין. איך בין געבוירן געוואָרן אין לאַטאַרינגען און מיין מוטערס פאָטער איז געווען אַ דייטש און איר מוטער — אַ פראַנצויזקע. אַצינד זאָגט איר מיר וואָס איך בין . . .

יאָהאַנאַ: הייליקע מוטער!

פילינגער (לאַכט): אָט זעט איר, יאָהאַנאַ . . .

יאָהאַנאַ: איר זיינט דאָך אָבער אַ קריסט און הער האָפּמאַן איז אַ איד . . .

פילינגער: איז וואָס איז דער חילוק?

יאָהאַנאַ: איך זאָג אויך אַזוי . . . אָבער זיי אַלע זאָגן אַנדערש . . . און אַז הער האָפּמאַן איז אַ איד, איז וואָס? ער איז אָבער אַזאַ נאָבעלער מענטש — פונקט ווי אַ דייטש. זיי אַלע ווילן מיך איינרעדן, אַז אַ איד איז אַ שווינדלער. הער האָפּמאַן איז אָבער ניט קיין שווינדלער. כאָטש מיין געהאַלט צאָלט ער מיר קיינמאָל ניט אין צייט, אָבער דאָס איז בלויז דערפאַר, וואָס ער פאַרגעסט זיך. ער פאַרגעסט אַפילו וויפיל ער דאַרף מיר צאָלן . . . און אַז איך דערמאָן אים באַצאָלט ער מיר גלייך. דאָך זאָגן זיי אַלע, אַז די אידן פאַראומגליקן דאָס דייטשע פאָלק,

זיי פאַרפעסטן די דייטשע לופט, פאַרראַטן דאָס פאָטערלאַנד, זויגן דאָס בלוט פון די דייטשע מאַסן . . . זיי זאָגן מיר, אַז ס'איז אַ חרפה צו באַדינען אידן . . . איך זאָל אַוועק פון דאַנען . . . איז ווייס איך אַליין ניט . . .

פילינגער: ווער זיינען דאָס די „זיי", וואָס זאָגן דאָס אַלץ?

יאָהאַנאַ: אָט בין איך נעכטן געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג און הער גערינג האָט דאָרט גערעדט ——

פילינגער: ווי קומט איר צו אַזעלכע פאַרזאַמלונגען?

יאָהאַנאַ: איך בין אַהין געגאַנגען מיט מיינער אַ קוזינע. זי האָט פאַראַיאָרן חתונה געהאַט. איר מאַן באַלאַנגט צו די שטורמער ——

פילינגער: אייער קוזינע איז אַריינגעפאַלן אין אַ פיינעם אַדעליקן שטאַם . . .

יאָהאַנאַ (פאַרשטייט ניט די איראָניע): ער איז ניט פון קיין אַדעליקן שטאַם. ווי קומען מיר צו אַדעליקע? ער איז אָבער זייער רייך. אפשר קענט איר אים? זיין נאָמען איז האַנאָווער. עטצל האַנאָווער. ער האָט אַ ביר־האַלע אויף קרוין שטראַסע ——

פילינגער (סאַרקאַסטיש): אָ, אַ פיינער געגענט . . .

יאָהאַנאַ: ער לייזט דאָרט אַ סך געלט.

פילינגער: אָן אַ פאָליציי וואַך וואָלט איך ניט געוואַגט דאָרט דורכצוגיין . . .

יאָהאַנאַ: פאַרוואָס?

פילינגער (פאַרמישט דעם ענין): מכח וואָס האָט הער גערינג גערעדט אויף דער פאַרזאַמלונג?

יאָהאַנאַ: דאָס איז דאַך וואָס איך האָב אייך דערציילט. ער האָט גערעדט וועגן די אידן. אויך וועגן קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן. אָבער מערסטנס וועגן אידן. זאָלן אויפשטיין, האָט ער געזאָגט, די דייטשע מאַסן און אַראָפוואַרפן פון זיך דעם אידישן לאַסט און זיי זאָלן פאַרניכטן די קאָמוניסטן,

די סאָציאַליסטן און אַלע, וואָס האָבן זיך צו די אידן פאַרקויפט! „אידיש בלוט", האָט ער געזאָגט, „וועט רינען פון אונדזערע שווערדן" . . . ווי געפעלט עס אייך?

פילינגער: זייער . . .

יאָהאַנאַ: דענקט איר, אַז זיי וועלן דאָס טאַקע טאָן? . . .

פילינגער: וואָלט מען זיי נאָר געלאָזט . . .

יאָהאַנאַ: וועט מען זיי לאָזן?

פילינגער: מ'וועט זיי געבן איבער די הענט.

יאָהאַנאַ: און עטצל זאָגט מיר, אַז זיי וועלן דאָס יאָ טאָן. זיי טוען דאָס שוין, זאָגט ער. אויף קרוינשטראַסע האָט פאַבריקע וואָך, דערציילט ער מיר, געזאָלט חתונה האָבן אַ מיידל. זיינען די שטורמער באַפאַלן איר חתן און אים אַזוינס אָפּגעטאָן, אַז ס'טויג שוין פאַר אים ניט חתונה צו האָבן . . . זיי האָבן דאָס צו אים געטאָן, ווייל ער איז אַ איד און זיי וועלן מער ניט צולאָזן, אַז אידן זאָלן קענען חתונה האָבן מיט דייטשע מיידלעך.

פילינגער: ווי געמיין! . . .

יאָהאַנאַ: איך האָב עטצלען אויך געזאָגט, אַז מען וואָלט דאָס ניט געטאָרט טאָן. אָט איז הער האָפמאַן פאַרליבט אין פריילין פאָן ווירטענבערג ——

פילינגער: פון וואַנען ווייסט איר עס?

יאָהאַנאַ: איך ווייס. פון מיר קען מען קיין סודות ניט האַלטן. אַז איך טו אַ קוק פאַרשטיי איך. איך זע זיי אָפט צוזאַמען. מיט אַ סעקרעטאַר איז מען ניט אַזוי אינטים. ווען נאָר זיי זיינען אונטער פיר אויגן . . . אָבער, מילא . . . נו, איז אַז ער זאָל וועלן מיט איר חתונה האָבן, און אַז זיי זאָלן אים טאָן דאָס זעלבע, — — — זיין מוטער וואָלט דאָך ——

פילינגער (ס'איז אים שוין קענטיק דערעסן): וואָס מאַכט די אָרימע מאַדאַם האָפמאַן?

יאָהאַנאַ: דאָס איז דאָך טאַקע וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. זי גייט אויס פון טאָג צו טאָג. זיצט און קוקט אַזוי

טרויעריק, אַז ס'פאַרגייט מיר מיין האַרץ. היינט איז שוין אין דרויסן, זאָג איך איר, אַז איך וועל זי אַרויסנעמען אויף אַ שפּאַציר. וויל זי ניט. רק זי וואָלט געזעסן אין איר צימער און געקוקט דורכן פענצטער. איך וועל זי אָבער ניט פאָלגן. ווי נאָר איך וועל פאַרטיק ווערן מיט מיין אַרבעט, וועל איך זי אַרויסנעמען אין דרויסן. זאָל זי כאָטש אָנקוקן די ליכטיקע וועלט——(מען קלינגט אין טיר) עמיצער קלינגט שוין ווידער. אַ גאַנצן טאָג הערט מען ניט אויף צו קומען און מען לאָזט מיך קיין זאַך ניט טאָן. (זי גייט צוערשט צום פענצטער צו זען ווער דאָס קלינגט) ווען הער האָפמאַן פאָלגט מיך, וואָלט ער ניט דערלאָזט, אַז מען זאָל צו אים אַזויפיל קומען. זיי מאַטערן אים אויס. זיי לאָזן אים ניט אַרבעטן און דערנאָך זיצט ער און אַרבעט ביז פאַרטאָג. דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז זייער אומגעזונט. (מען קלינגט ווידער) אָ, האָט געדולד! וואָס איילט איר זיך דאָרט אַזוי? (זי קוקט ארויס דורכן פענצטער און זי גייט אַריין אין התפעלות) פריילין ווירטענבערג איז דאָרט! איר זעט — איך האָב אייך געזאָגט, אַז זי און הער האָפמאַן זיינען פאַרליבט . . .

פילינגער (שטרענג): צי הער האָפמאַן און פריילין פאָן ווירטענבערג זיינען פאַרליבט צי ניט, איז ניט אייער עסק. איר ווייסט בלויז, אַז פריילין פאָן ווירטענבערג איז הער האָפמאַנס סעקרעטאַר! איר פאַרשטייט?

יאָהאַנאַ: (צעטומלט פון זיין שטרענגקייט): געוויס, געוויס!

פילינגער: דאַן זייט אַזוי גוט און עפנט די טיר!

יאָהאַנאַ (פאָלגט אים, רעדט אין טיר): גוט מאָרגן, פריילין פאָן ווירטענבערג. אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב אייך געלאָזט וואַרטן אין דרויסן. איך האָב ניט געוואוסט, אַז דאָס זיינט איר.

קלאַראַ (אַריינקומענדיק): אַ דאַנק. איז הער האָפמאַן אין דער היים?

יאָהאַנאַ: ניין. ער וועט אָבער באַלד צוריקקומען.

אַלעמאָל קומט ער אין אָט דער צייט. הער פּילינגער איז אָבער דאָ.

קלאַראַ (אַריינקומענדיק): גוט מאָרגן, הער פּילינגער! (זיי דערלאַנגען זיך די הענט) ווי איך פֿאַרשטיי, איז הער האָפֿמען נאָך ניטאָ אין דער היים.

(יאָהאַנאַ אָפּ, רעכטס.)

פּילינגער: ער וועט, וואַרשיינלעך, שוין באַלד צוריקקומען. (דערלאַנגט איר אַ שטול) וועט איר וואַרטן אויף אים? ביטע זיצט.

(זיי זעצן זיך)

קלאַראַ: הער האָפֿמאַן האָט באַשטימט, אַז איך זאָל דאָ היינט זיין אום דריי אַזייגער. (זי קוקט אויף איר אָרם-זייגערל) איצט איז פּונקט דריי.

פּילינגער: אפשר קען איך אייך דינען אָנשטאָט הער האָפֿמאַנען?

קלאַראַ: איך ווייס ניט. איך האָב אים געבראַכט די קאָרעקטור פֿון זיין אַרטיקל, וואָס וועט דערשיינען אין „רונדשוי".

פּילינגער: זיינט ווען אינטערעסירט זיך די "רונדשוי" מיט וויסנשאַפֿטלעכע פֿראַגן?

קלאַראַ: ס'איז מער אַ פּובליציסטישער איידער אַ וויסנשאַפֿטלעכער אַרטיקל — „רוים און ירושלים", הייסט ער.

פּילינגער: „רוים און ירושלים"? הער האָפֿמאַן פֿאַרנעמט זיך שוין אויך מיט געשיכטע?

קלאַראַ: ניין, ס'איז בלויז דער נאָמען, וואָס קלינגט ווי היסטאָריש. די פּראָבלעמע איז אָבער אַ היינט-צײַטיקע. רוים, דאָס איז דער אימפּעריאַליסטישער געדאַנק פֿון אייראָפּע, וואָס שטיצט זיך אויף מאַכט און באַזיץ. ירושלים דאָס איז די אידייע פֿון יושר, וועמען מאַכט איז דערווידער. יודאַאיזם, לויט זיין מיינונג, איז די רעוואָלוציאָנערע ריכטונג פֿון דעם אייראָפּעאישן געדאַנק, וואָס דערפֿילט די מאַכטלאָזיקייט און געפֿערלעכקייט פֿון מאַכט. יודאַאיזם, זאָגט ער, איז ביז איצט

געוועז בלויז אַן ענגע אידייע פון אַ קליינער גרופּע מענטשן. איצט אָבער וועט עס מוזן ווערן אַן אוניווערסאַלע אידייע. מאָדערנע געדאַנקען און מאָדנע אויספירן, הער פּילינגער. פאַרוואָס איז עס? הער האָפמאַן, דוכט מיר, ווענדט זיך לעצטנס אָפּ פון זיין גלייכגעוויכטיקייט אין וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט און פאַרשט מאָדנע געביטן און פאַרגייט אויף מאָדנע וועגן. איך קען עס ניט אויסטייטשן, אָבער אַזוי איז עס . . . אָט דער אַרטיקל זיינער איז אַזאַ מאָדנער. ווי ער וואָלט געוואָלט ניט נאָר פאַרענטפערן אידישקייט, נאָר אויך אויסטייטשן זי און זיך אַריינטייטשן אין איר.

פּילינגער: פאַר מיר איז עס פאַרשטענדלעך. האָפמאַן האָט זיך פּלוצים דערפילט אין אַ מאָדנער אַטמאָספערע. אַן אַנדערע איידער געוויינלעך. איבער דייטשלאַנד בלאָזן בייזע ווינטן.

קלאַראַ: איר מיינט די נאַצים?

פּילינגער: יאָ. קיינמאָל איז נאָך דייטשלאַנד ניט באַדראָעט געוואָרן פון אַ גרעסערער געפאַר, ווי איצט פון זיי. זיי פאַרכאַפּן די מאַסן, זיי פאַרכאַפּן די אַרבעטער אפילו.

קלאַראַ: ס'איז אמת.

פּילינגער: און די גאַנצע גאַל פון די נאַצים ווערט אויסגעגאָסן אויף אידן. פּלוצים דערפילט האָפמאַן, אַז קענגן אים גיסט זיך אַ צאָרן. נו, מאַכט ער אַ חשבון־הנפש . . .

קלאַראַ: יאָ, דאָס קען איך פאַרשטיין. אָבער ——— דער שטרענג־לאָגישער און וויסנשאַפטלעך־קאָנזעקווענטער האָפמאַן — ווי קומט עס צו אים? די נאַצים שרייען: דייטשן איבער אַליך, און ער שרייט: אידן איבער אַליך . . . איז עס דען ניט דער זעלביקער אידייען־גאַנג, וואָס מיר באַקעמפן מיט אַלע אונדזערע כוחות?

פּילינגער: ניט דער זעלביקער! וואָרים האָפמאַן פּרייַדיקט ניט ר אַ ס ע, נאָר א י ד י י ע! איך — ניט לויטן שטאָם, נאָר לויט א י ד י י ע! די נאַצים שרייען: „איר זיינט ראַצן און מיר וועלן אייך אויסראָטן". ענטפערט האָפמאַן:

„מיר זיינען די צוקונפט, ווייל — מיר זיינען די גערעכטסטע!"
דאָס איז דער געזונטער אינסטינקט פון ווידערשטאַנד — און האָפמאַנס לאָגיק איז געזונט גענוג צו באַהערשן עס!

קלאַראַ (מיט דרך ארץ פאַר דער אַנטפּלעקונג): אָ!...
איצט פאַרשטיי איך!... (און אביסל שפּעטער:) סאַר'אַ וויר־דיקער ווידערשטאַנד!... (און דערנאָך ווידער:) איך באַוואונדער הער האָפמאַנען.

פילינגער: יאָ, ער איז אַ לויטערע פּערזענלעכקייט.
(פּויזע. פילינגער קוקט אַריין אין די פּאַפּירן אויף זיין טיש; קלאַראַ בלעטערט האָפמאַנס מאַנוסקריפּטן.)

פילינגער (באַטראַכט קלאַראַן — פּלוצים): מיך וואונדערט אויף אייך, פריילין פאָן ווירטענבערג, ווי קומט איר צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג? איבערהויפּט צו זיין אַזוי טעטיק אין דער אַנטי־מלחמה ליגע, ווייבאַלד, אַז אַליין שטאַמט איר פון אַ מיליטערישער פאַמיליע?

קלאַראַ: (פאַרוואונדערט פון דער פּלוצומדיקייט, ענט־פערט זי ניט, און קוקט מיט וואונדער אויף פילינגערן).

פילינגער: אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין דרייסטקייט צו שטעלן אייך אַזוי דירעקט אַזאַ אינטים־פּערזענלעכע פראַגע. אָבער איך פיל גרויס דרך־ארץ פאַר אַזעלכע ווי איר, וואָס האָבן זיך געקענט אַזוי דערהייבן איבער זייער סביבה. ס'איז אַ זעל־טענער העלדנמוט.

קלאַראַ: ס'איז גאָר ניט אַזאַ העלדישקייט, ווי ס'קען זיך אויסווייזן.

פילינגער: אָבער אייער פאָטער, אויב איך בין זיך ניט טועה, איז דאָך נאָך איצט אויך אין אַקטיווער מיליטערישער דינסט...

קלאַראַ: כמעט אַזוי. ער איז דער קאָמאַנדיר פון די שטאָלהעלמער, וואָס איז אַן אַקטיווע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע.

פילינגער: דאָך זיינט איר ניט באַאיינפלוסט פון זיין גייסט.

קלאַראַ: אויף דער מלחמה האָט מיין פאָטער דורכגע־מאַכט הערגאָאיזם, אָבער מיין מוטער און איך — מיר האָבן אין דער היים באַדינט די פאַרוואונדעטע . . . מיר האָבן געזען געהאַקטע גלידער . . . רויפּליש פון מענטש . . . אומקום . . . ניט העלדנמוט — קרעכצן . . . די העלדן אויף שלאַכט־פעלד האָבן איצט געשאָלטן סיי די מלחמה און סיי די אָנפירער פון דער מלחמה . . . דערנאָך האָבן מיר געזען דעם אומקום פון פרידריכן — מיין ברודער . . . אויך ער האָט געשאָלטן די מלחמה . . . ניין איך קען צו מלחמה ניט האָבן דעם ראָמאַנטישן געפיל, וואָס מ׳וואָלט פון מיר געקענט דערוואַרטן . . .

פילינגער: זיינט איר אַוועק פון אייער הויז?

קלאַראַ: וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן?

פילינגער: און אייער מוטער?

קלאַראַ: זי איז אין דער היים . . . זי האָט ניט געקענט . . . זי קען ניט אַוועק . . .

פילינגער: און אייער פאָטער? האָט אים די טראַגישע זייט פון דער מלחמה גאָר ניט געענדערט?

קלאַראַ: פאַרקערט . . . אָ, אונדזער יחוס, די אַלטקייט און די ריטערלעכקייט פון אונדזער שטאַם איז ביי אים העכער פון אַליץ . . . דערצו איז ער פונעם קרוינפּרינץ זעלבסט דעקאָרירט געוואָרן און איז דערהויבן געוואָרן צו זיין הויכן מיליטערישן שטאַנד . . . (קענטיק אָבער, אַז איר איז ניט גאָר אָנגענעם צו רעדן וועגן דעם, קוקט זי אויפן זייגער) שוין אַ פערטל אויף פיר אַזייגער און הער האָפמאַן איז נאָך ניטאָ.

פילינגער: מיר איז אויך אַ חידוש, פאַרוואָס ער איז נאָך ניטאָ. געוויינלעך איז ער אַ פּינקטלעכער מענטש.

קלאַראַ (מערקט די פידל, וואָס ליגט אויף האָפמאַנס טיש): ווער שפּילט דאָ אויפן פידל?

פילינגער: האָפמאַן.

קלאַראַ: איז ער אויך אַ מוזיקער?

פילינגער: **ער האָט ליב מוזיק און אין זיין פרייער צייט האָט ער ליב צו פאַרווײלן זיך מיט פידלשפיל.**

קלאַראַ: (נעמט די פידל און טוט אַ פיר איבער די סטרונעס מיט דער געאיבטקייט פון אַ פּראָפעסיאָנעלן שפּילער).

פילינגער: **קענטיק אַז מוזיק איז אייך אויך ניט פרעמד.**

קלאַראַ (באַשיידן): **אָ, איך האָב אויך ליב מוזיק און איך שפּיל אַמאָל.**

(דורכן טיר, רעכטס, קומט אַריין יאָהאַנאַ, פירנדיק אויף אַן אינוואַלידן שטול מאַדאַם האָפמאַן, לאַזאַר האָפמאַנס מוטער, אַ פּאַראַליזירטע פרוי. איר פּנים איז קרענקלעך־גרוי און פאַרגליווערט, ווי ביי אַ מת. בלויז אירע אויגן באַוועגן זיך — אַ פּאָר לעבעדיקע אויגן אין אַ טויטן פּנים. זי באַוועגט אויך מיט אירע רעכטע פוס און האַנט.

פילינגער און קלאַראַ שטעלן זיך אויף. ביי דעם אָנבליק פון מאַדאַם האָפמאַן ווערט קלאַראַ אַ פאַרציטערטע און זי ווערט באַנומען מיט אַ טיפן געפיל פון מיטלייד און שרעק).

יאָהאַנאַ: **זעט איר, הער פילינגער, איך נעם טאַקע מאַד. האָפמאַן אויף אַ שפּאַציר אין גאָרטן. קוים געפועלט ביי איר.**

(און מיט גרוים ליבשאַפט, ווי אַ מוטער טוט עס צו איר קינד, פאַרריכט זי איר צודעק אויף די פיס און שפּילעט איבער איר מאַנטל).

פילינגער (רעדט הויך): **ס'איז פאַר מיר אַ פרייד צו זען אייך, מאַדאַם האָפמאַן. וואָס מאַכט איר?**

מאַד. האָפמאַן: (טוט פאַרצווייפלט אַ מאַך מיט דער רעכטער האַנט און מיט נייגעריקייט פון אַ מוטער פון אַן אומ־פאַרהייראַטן זון, באַטראַכט זי קלאַראַן).

פילינגער: **מאַדאַם האָפמאַן, איך האָב דאָס פאַרגעניגן פאַרצושטעלן פאַר אייך פרײלין פאָן ווירטענבערג.**

מאַד. האָפמאַן: (שמייכלט מיט די אויגן און טוט פריינט־לעך אַ מאַך מיט דער האַנט).

יאָהאַנאַ (צו מאַד. האָפּמאַן) : נו, לאָמיר גיין.

מאַד. האָפּמאַן : (צו געזעגענען זיך, טוט זי ווידער פּריינטלעך אַ מאַך מיט דער האַנט און זיי גייען אַרויס).

קלאַראַ (דערשיטערט) : איז דאָס הער האָפּמאַנס מוטער ?

פּילינגער : יאָ.

קלאַראַ : ווי שרעקלעך !

(פּויזע).

קלאַראַ : איז זי אינגאַנצן פּאַראַליזירט ?

פּילינגער : איר לינקער זייט. אויך איר פּנים. זי קען אַפילו ניט ריידן. אויך האָט עס אָנגערירט איר געהער.

קלאַראַ : ווי אַזוי האָט זיך עס אַנטוויקלט ?

פּילינגער : ס'איז מיר ניט אַזוי באַקאַנט. הער האָפּמאַן מיידט אוים צו רעדן וועגן דעם ענין. איך ווייס אָבער, אַז ביים אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָבן זיי געוואוינט אין מזרח־פּרייסן און זייער הויז האָט זיך איינמאָל געפונען אין סאַמע מיטן פון צוויי קעגנערישע אַרמייען. איר גאַנצע פאַמיליע איז אומגעקומען. בלויז זי און לאַזאַר האָפּמאַן — דאַן נאָך אַ קליין אינגל — זיינען לעבן געבליבן. און — ווי איר זעט . . .

קלאַראַ : ווי שווידערלעך . . . (און נאָך אַ פּויזע) איך פאַרשטיי שוין איצט פון וואַנען הער האָפּמאַן ציט עס אַזוי שטאַרק זיין באַגייסטערונג אין זיין אַנטי־מלחמה קאַמף. זיינע דערפאַרונגען זיינען ענלעך צו מיינע.

(מען קלינגט אין טיר).

פּילינגער : דאָס איז, וואַרשיינלעך, האָפּמאַן זעלבסט.

(און ער גייט עפענען. האָפּמאַן קומט מיט אַ פּאַק ביכער אונטער ביידע אָרעמס).

האָפּמאַן (אין דער אָפענער טיר) : פאַרוואָס עפנט איר, פּילינגער ? וואו איז יאָהאַנאַ ?

פּילינגער : יאָהאַנאַ איז אַוועק שפּאַצירן מיט אייער מוטער. (ער קוקט אויף די ביכער) אַזויפיל ביכער מיט איין מאָל? (העלפט אים צו באַפרייען זיך פון זיי).

האָפּמאַן: שטעלט זיך נאָר פּאָר — די וועדאָס אין זייער אָריגינאַל און מיט אַן אַראַבישער איבערזעצונג! איך בין אַזש איבערראַשט געוואָרן. אויסגעשטעלט אין דרויסן פון בראָנשווייגערס בוך־געשעפט און קיינער קוקט זיך אויף זיי ניט אום. אַלץ וואָס הער בראָנשווייגער האָט ביי מיר פאַר זיי גענומען איז 95 מאַרק. ווען ער בעט אַפילו פינף הונדערט...

פּילינגער (נעמט פון אים די ביכער און צעלייגט זיי אויף האָפּמאַנס שרייב־טיש): געווים אַ זעלטנהייט. איך שטעל זיך פאָר, אַז ווען ניט איר, וואָלט דער אָרימער בראָנשווייגער פאַרקויפט זיי פאַר דריי מאַרק און וואָלט דערביי געווים פאַרדינט אַ פּאָר מאַרק...

האָפּמאַן (טוט דערווייל אויס זיינע הוט און מאַנטל און הענגט זיי אויף אין קאָרידאָר): אַ זעלטן פיינער און ליכטיקער טאָג פאַר אָקטאָבער. איך האָב זייער הנאה געהאַט שפּאַצירנדיק. (ער קומט אַריין אין צימער) מיט די ביכער אונטער די אָרעמס איז אָבער ניט זייער באַקוועם געווען צו שפּאַצירן. (ער דערזעט קלאַראַן. דערפרייט) קלאַראַ! (ער גייט שנעל צו איר און דערלאַנגט איר ביידע הענט. שטיל, אַנטציקט:) דו ביזט דאָ?

קלאַראַ: (ענטפערט אים מיט ביידע הענט און מיט אַ שמייכל).

האָפּמאַן: ווי צופרידן איך בין וואָס דו ביזט דאָ! (זיי קוקן איינער אויף די אַנדערע מיט פאַרליבטע בליקן. פּויזע) אָ, ווען איך ווייס, אַז דו ביזט דאָ — ביזט דאָ שוין לאַנג?

קלאַראַ (ווינקט צו אים, אַז פּילינגער איז דאַ און זי רעדט הויך): איך בין דאָ פון דריי אַזייגער אָן. איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז די צייט, ווען איר קומט אַלעמאָל אַהיים.

האָפּמאַן: איך בין פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַן אומאַנגענעמען צופאַל — אויף פרידריכשטראַסע, ביי דער פאַלקסשולע דאָרט, טיילט אַ וואוילטעטיקע געזעלשאַפט קליידער צו אָרימע קינדער. שטייען דאָרט די קינדער אין אַ לאַנגער ריי און

וואַרטן. אַנדערע פון זיי שטייען שוין דאָרט פון פאַרמיטיק אָן, הונגעריק, פאַרפרוירן . . .

קלאַראַ : קומענדיק אַהער צו אײַך, האָב איך זיי אויך באַמערקט. איך האָב זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט אויסצוגעפינען אויף וואָס זיי וואַרטן.

האָפמאַן : מיר זײַנען זיי אויפגעפאַלן געוואָרן, ווײַל איך האָב באַמערקט, אַז זיי זײַנען צו לײַכט געקליידט פאַר דעם הײַנטיקן קילן וועטער. בין איך אַוועק פּועלן בײַ דער פאַרוואַלטונג, אַז מ'זאָל זיי אַרײַנלאָזן אין שול־געבײַדע. אָבער דאָס איז ניט וויכטיק. דאָס אינטערעסאַנטע איז געווען, ווען די קינדער זײַנען שוין געווען אין דער שולע דאָרט. איינער פון זיי, אַ אינגל פון אַ יאָר פערצן, האָט בײַ זיך געהאַט אַ פּליט. און וואָלט איר נאָר געהערט ווי ער שפּילט ! אַ זעלטענער טאַלאַנט ! ער קען אַפּילו קיין נאָטן ניט לייענען, דאָך — אַזאַ פײַנעם חוש פאַר מוזיק ! די פּליט איז אים געבליבן בירושה פון זײַן פאָטער, וועלכער איז, קענטיק, געווען אַ קלעזמער. ער געדענקט אָבער זײַן פאָטער ניט — ער איז פאַר'יתום'ט געוואָרן ווען ער איז נאָך גאָר קליין געווען.

קלאַראַ : וואָס האָט ער געשפּילט ?

האָפמאַן : ס'איז ניט וויכטיק וואָס ער האָט געשפּילט. וויכטיק איז ו ו י ער האָט געשפּילט. זײַן באַגײַסטערונג, ווי נאָר ער איז אַרײַן אין אַן עכטער מוזיקאַלישער שטימונג. זײַנע טענער האָבן אים זעלבסט פאַרשיכורט. אַפּילו זײַן אויסזען האָט זיך געענדערט — ווי אַ הערלעכער גײַסט וואָלט זיך אין אים אַרײַנגעטאָן, אים אויסגעטאָן פון אַלץ וואָס רינגלט אים אַרום און אים פאַרהילט אין עפּעס אַ ניטדאָאיקער וועלט.

קלאַראַ : איך שטעל זיך פאָר מיט וואָס פאַר אַ שמחה די קינדער האָבן זײַן שפּילן אויפגענומען.

האָפמאַן : אָבער דאָ קומט דאָס טרויעריקסטע. יאָ, די קינדער האָבן זיך מיט אים געפרייט, אָבער ניט לאַנג. שפּעטער איז אַהין אַרײַנגעקומען נאָך אַן אינגל מיט אַ האַקנקרייץ אויפן אַרבל. קאָנטיק אַ מיטגליד פון אַ יוגנטלעכער נאַצי־אָרגאַניזאַ-

ציע. ער האָט דעם פּלייטן־שפּילער דערקענט, אַז ער איז אַ איד. און — איבערן זאַל האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן העכסט באַנאַלע און צינישע אויסרופן. וויצן, געלעכטער, שפּאָט. און דאָס אָרים אינגעלע האָט זיך נעבעך פאַרשעמט, פאַרלוירן, דער־שראָקן, אויף גיך צוזאַמענגעלייגט און באַהאַלטן זיין פלייט, האָט זיך איינגענורעט אין זיך און פאַרבאָרגן זיך אין אַ ווינקל. ווען ניט די צוויי פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן דאָרט אַכטונג געגעבן אויף אָרדנונג, וואָלטן די קינדער אים זיכער דאָרט באַפאַלן.

קלאַראַ (אויפגעבראַכט) : ווי געמיין!

האָפמאַן (טרויעריק) : געמיין? . . . יאָ . . . ס'האָט מיך דערשיטערט ביז'ן גרונט. (ער טרעט אָפּ צו זיין שרייבטיש און בלעטערט אַ בוך פון די ווערדאָס. דערנאָך ווענדט ער זיך צו פילינגערן : ) האָט איר אפשר געמערקט וואוהין יאָהאַנאַ האָט אַהינגעטאָן די היינטיקע פּאָסט?

פילינגער : אָט ליגט זי (און ער גיט אים איבער די פּאָסט).

(האָפמאַן קוקט דורך די קאָנווערטן אויף די בריוו. פון דרויסן קומט דערווייל אָן יאָהאַנאַ, פירנדיק מאַדאַם האָפ־מאַן.)

יאָהאַנאַ : נו, אָט זיינען מיר שוין אין דער היים און איר וועט זען אייער זון. ווי איר בענקט דאָס נאָך אים, אַז אַפילו צו שפּאַצירן אַביסל פאַרגינט איר זיך ניט. ווי איר וואָלט אים שוין יאָרן ניט געזען.

האָפמאַן : ווער איז דאָרט?

פילינגער : אייער מוטער און יאָהאַנאַ.

האָפמאַן : מיין מוטער? (צו קלאַראַן) אַנטשולדיקט מיר, איך וועל זי גיין זען. (ער נעמט מיט דאָס פּעקל בריוו און גייט צו זיין מוטער. זיי גייען אַוועק מיטן קאָרידאָר אויף רעכטס).

קלאַראַ : ווי עמפּפינדלעך ער איז!

פילינגער : אַן אָפענע וואונד . . .

קלאַראַ : איך קען אים אָבער באַגרייפן. מיט זיין מו־טער . . .

פילינגער: מוטער? . . . ניין, ניט דאָס. איך פאַרשטיי אים — ס'איז אַ וואונד פון אַ פאָלק, וואָס איז אַלט טויזנטער יאָרן. זיי האָבן געדענקט, אַז זי איז שוין פאַרהיילט, און פּלוצים — זי איז ווידער דאָ.

קלאַראַ: אומגליקלעכער מענטש!

פילינגער: אומגליקלעך פאָלק, וואָלט איך בעסער געזאָגט. און וואָס באַלאַנגט האָפמאַנען, איז ער דוקא דער גליקלעכסטער מענטש, וואָס איך האָב אַמאָל געטראָפן — ווייל ער איז דער לעבנספריידיקסטער.

קלאַראַ: ווייל ער שאַפט?

פילינגער: הויפּטזעכלעך דערפאַר.

(פויזע. און דערנאָך—)

פילינגער: די טראַגעדיע פון אַ פאָלק . . . נאָך מער — די טראַגעדיע פון דעם איינצעלנעם אין פאָלק. האָפמאַן — ווי אַ סך אַנדערע דייטשע אידן — איז ביז ניט לאַנג צוריק אינגאַנצן אומבאַוואוסטזיניק געווען אויף זיין אידישקייט. איבערהויפּט איז ער אומבאַוואוסטזיניק געווען, אַז זיין שטאַם שטערט אים צו זיין אַ פולשטענדיקער דייטש. און פּלוצים —

קלאַראַ: די דייטשן האָבן שוין אויך געווען אויפגעהערט צו טראַכטן אין טערמינען פון דייטש־איד. דאָס האָבן די נאַצים, צוליב זייערע געמיינע צוועקן, אָנגעהויבן דערוועקן די נידעריקע אינסטינקטן פונם פאָלק — דערוועקן די חיה אין אים, וועלכע איז, ליידער, קענטיק זייער דין פאַרדעקט געוואָרן דורך די פילע יאָרן, וואָס מיר האָבן געדענקט, אַז מיר האָבן געשפּרייזט איבער די וועגן פון קולטור און אַנטוויקלונג.

פילינגער: הונגער און נויט — אָ, דאָס זיינען געפילן, וואָס זיינען ריין ביאָלאָגיש פאַר מענטשן ווי פאַר חיה . . .

קלאַראַ: וואָלט דאָך דאָס פאָלק גאָר באַדאַרפט באַפאַלן די גייציקע — אָט די וואָס פאַראורזאַכן זיינע ליידן.

פילינגער: געוויס. זיי באַפאַלט ער טאַקע — דורך דעם אידן . . . ווי דער אָקס אויף דער אַרענע באַפאַלט דעם מאַטאַדאָר, ווען ער אַטאַקירט דאָס רויטע טוך . . .

קלאַראַ: פאַרשטייט עס האָפמאַן ניט?

פילינגער: יאָ, אָבער בלויז אַקאַדעמיש.

קלאַראַ: ווי דען אַנדערש?

פילינגער: ס'וואָלט באַדאַרפט זיין רעוואָלוציאָנער.

קלאַראַ: האָפמאַן איז אַ רעוואָלוציאָנער.

פילינגער: יאָ — אָבער דאָס אויך בלויז אַקאַדעמיש. דעריבער איז ער בלויז אַ ליבעראַל.

קלאַראַ: אַזוי איז ער.

פילינגער: נוּן, ווערט ער דעריבער אָפּגעווישט . . . פון רעכטס און פון לינקס ווערט ער אָפּגעווישט . . . ער איז אויף דעם „קיין מענטש פעלד" פון צווישן צוויי קעמפענדיקע אַרמייען און ער מוז אונטערגיין . . . איך מיין אידייאיש . . . דערפאַר איז ער אַזוי עמפּינדלעך; דערפאַר איז ער אַזש סענטימענטאַל — ווען זיין שטאָט ווערט אָנגעריררט . . .

(פויזע. דערנאָך — )

קלאַראַ: איר זאָגט, אַז האָפמאַן וואָלט באַדאַרפט זיין רעוואָלוציאָנער. אַליין זיינט איר אויך ניט רעוואָלוציאָנער, הער פילינגער.

פילינגער: איך בין רעוואָלוציאָנער — איך בין אַן אינזשענער.

קלאַראַ: צווישן אינזשענערן זיינען דאָ אַ היבש ביסל רעאַקציאָנערן.

פילינגער: אידייאיש, אָבער ניט פּאַקטיש.

קלאַראַ: וואָס הייסט?

פילינגער: מיר רעוואָלוציאָניזירן די טעכניק, שאַפן אָפּ פראַצע פון איין זייט און פאַרשאַפן אַ שפע פון לעבנס־מיטלען און לעבנס־לוקסוסן. דאָס אַליין ענדערט סיי די געזעלשאַפט און סיי דעם יחיד צו אַ געמיט־צושטאַנד פון זיכערקייט, וואָס וועט, מיט דער צייט, במילא, און אָן שטרייט און געוואַלד־מיטלען, אַוועקשטעלן די געזעלשאַפט אין אַזאַ אידעאַלער סביבה,

וואָס קיין רעוואָלוציאָנערע פאָרשטעלונג דערגרייכט אַהין ניט.

קלאַראַ: טעכנישע עוואָלוציע—אָנשטאָט רעוואָלוציע?

פילינגער: יאָ.

קלאַראַ: און רעוואָלוציע לייקנט איר אינגאַנצן?

פילינגער: רעוואָלוציע איז אַ נערוועזער געמיט־צו־שטאַנד. דער געמיט־צושטאַנד פון אומגעדולד.

קלאַראַ: האָפמאַן איז אויך אַ ווּיסנשאַפטסמאַן.

פילינגער: ריכטיק.

קלאַראַ: טאָ צוליב וואָס זאָל ער זיין אַ רעוואָלוציאָנער?

פילינגער: ער באַזיצט ניט דעם גלייכגילט־געמיט, וואָס זאָל אים דערלויבן אינגאַנצן איינגעשלונגען צו ווערן פון וויסנשאַפט. טאָ זאָל זיין אומגעדולד־געמיט געווענדט ווערן אין דער ריכטיקער ריכטונג. קיין האַלב־וועג! קיין צווייפלען! קיינע אָפּאָרטוניסטישע אָדער רעפאָרמיסטישע קאָמפּראָמיסן! אויב איבערבויען — איז פונם פונדאַמענט אָן און ביזקל דאַך!
(פויזע.)

קלאַראַ: מאָדנע — איר און האָפמאַן — אַזוי פאַרשיידן און דאָך — אַזוי אינטים.

פילינגער: ער איז אַ זשעני. און, חוץ דעם, גרויסקייט און צויבער איז אין זיין פּערזענלעכקייט . . . אַפילו אין זיינע ווידערשפּרוכן . . . איך האָב אים ליב . . .

קלאַראַ (אירע אויגן צעשיינען זיך): יאָ . . .

(פויזע. קלאַראַ בלעטערט די ווערדאַס, וואָס האָפמאַן האָט געבראַכט און פילינגער קוקט אַריין אין זיינע צייכנונגען. ביז וואַנען האָפמאַן קומט צוריק, פירנדיק זיין מוטער אויף איר שטול. ער איז אַ שטראַלנדיקער, אַ שיינענדיקער און ער האַלט אַן אָפענעם בריוו אין זיין האַנט. יאָהאַנאַ פאָלגט אים נאָך.)

האָפמאַן: מוטערל, און דו ווייסט וואָס איז אַ נאָבעל־פּריז!

מאַדאַם האָפמאַן: (גיט אים צו פאַרשטיין מיט איר בליק, אַז זי ווייס).

הָאפּמאַן : איז דאָס איז עס, מוטערל . . . איך קריג עס . . .

קלאַרע (דערשטוינט) : נאָבעל־פּריז ! . . .

הָאפּמאַן (צו זיין מוטער)) : ווילסט לייענען דעם בריוו ?
(ער האַלט דעם בריוו פאַר אירע אויגן) קענסט לייענען, מו־טערל.

(ביי מאַדאַם הָאפּמאַן באַווייזן זיך טרערן אין די אויגן, טרערן פון פרייד און מיט איר רעכטער האַנט גלעט זי זיין פּנים).

קלאַראַ (דערלאַנגט הָאפּמאַנען איר האַנט) : מיינע האַר־ציקע, אמת האַרציקע באַגריסונגען !

הָאפּמאַן (דריקט איר האַנט מיט עקסטאַז) : אַ דאַנק, קלאַראַ, אַ דאַנק. (און מיט זיין כאַראַקטעריסטישער באַוועגונג טוט ער מיט זיין האַנט אַ גלעט זיין קאָפּ) אַזוי אומגעריכט !

פּילינגער (דערלאַנגט אים אויך זיין האַנט) : און אויך מיינע באַגריסונגען, הָאפּמאַן !

הָאפּמאַן : אַ דאַנק, פּילינגער ! איבערהויפּט אייך אַ דאַנק. איר, מער פון אַלעמען, האָט מיטגעווירקט אין מיין דערפאָלג.

(אין משך פון דער צייט, זינט הָאפּמאַן האָט זיך צוריקגע־קערט, פאַנגט זיך אָן פון דרויסן דערטראָגן אַ גערויש, וואָס קומט צוערשט פון ווייט און טראָגט זיך נעענטער און נע־ענטער. אַ גערויש פון פילע צאָרנדיקע שטימען, שטימען פון אַ המון, וואָס פאַרפאָלגט אימעצן. קיינער, אַ חוץ יאָהאַנאַן, שענקט צו דעם קיין אויפמערקזאַמקייט ניט. יאָהאַנאַ גייט אָבער צו דער טיר און קוקט אַרויס אין דרויסן. ווען די טיר עפנט זיך דערהערט זיך דאָס טומל נאָך שטאַרקער. אַ סך קולות, דייטלעכע און, קאָנטיק, קינדערישע.)

הָאפּמאַן (ווערט אויפמערקזאַם אויפן טומל) : וואָס איז דאָרט, יאָהאַנאַ ?

יאָהאַנאַ (אין טיר) : איך ווייס ניט. מען יאָגט זיך נאָך אימעצן. קינדער. מן הסתם אַ גנב.

(אַלע הערן זיך איין.)

קולות פון דרויסן (דערטראָגן זיך שוין דייטלעך) : **האַלט ! האַלט ! דער איד ! פֿאַרפֿלוכטער איד !**

האָפּמאַן (ווערט אויפגערעגט) : **איד ? . . .**

(ער לויפט שנעל צו דער טיר און די איבעריקע נאָך אים. ער קוקט אַרויס אין דרויסן און שרייט אויס :)

האָפּמאַן : **דאָס איז ער ! דער וואָס האָט געשפּילט אויפן פּליוט ! ער ! זיי ועלן אים צעמזיקן !** (ער לויפט אַרויס אין דרויסן און פון דאָרט דערטראָגט זיך שוין זיין קול:) **האַלט ! רירט אים ניט אָן !**

אַ קינדערישער קול (פון דרויסן) : **ער איז אָבער אַ איד !**

האָפּמאַנס קול : **צוריק ! צוריק !**

אַ קינדערישער קול : **אָט דער איז אויך אַ איד ! איך קען אים !**

אַ סך קולות : **איד ! איד ! פֿאַרפֿלוכטער איד !**

(ווילדער געלעכטער, טומל. צוערשט קלאַראַ און דערנאָך פילינגער לויפן אויך אַרויס אין דרויסן. מאַד. האָפּמאַן זיצט אומבאַהאָלפן און קוקט מיט שרעק אין דער ריכטונג, וואוהין זיי פאַרשווינדן. יאָהאַנאַ שטעלט זיך ביי דער אָפענער טיר און קוקט אַרויס אין דרויסן. אין טיר פאַנגען אָן פאַלן שטיינער און פלעקער. אַ שטיין טרעפט אין פענצטער און צעברעכט זי. יאָהאַנאַ לויפט צום פענצטער און טוט אַ פאַטש מיט די הענט:)

יאָהאַנאַ : **אַ פענצטער צעבראָכן. הייליקער קריסטוס, דאָס זיינען דאָך גאָר ניט קיין קינדער נאָר מחבלים פון אונטער דער ערד. וואָלט כאָטש פאָליציי געקומען.** (דערווייל אָבער מערקט זי ווי איבערגעשראָקן מאַד. האָפּמאַן זיצט, לויפט זי צו באַרואיקן זי : ) **וואָס זיצט איר אַזאַ איבערגעשראָקענע ? איר מאַכט אַ וועזן פון נאַרישקייט. קינדער שטיפן און איר שרעקט זיך . . .**

(האָפּמאַן קומט האַסטיק צוריק און פירט אונטערן אָרעם

באַרוכן. נאָך זיי גייען נאָך קלאַראַ און פּילינגער, וועלכער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

באַרוך איז אַ אינגל פון א יאָר פערצן. בלייך, אויסגעמאַ־טערט, מיט צעשויבערטע האָר. זיינע קליידער זיינען צעריסן און באַשמוצט. פון האַסטיקן לויפן אָטעמט ער שווער. זיינע ביידע הענט זיינען פאַרקלעמט צו דער ברוסט און מ׳זעט, אַז זיי האַלטן צו עפּעס אַ זאַך, וואָס ער באַהאַלט אונטער זיין מאַנטל.)

האָפמאַן (פירט אים צו אַ שטול) : זעץ זיך דאָ אַוועק! רו זיך אָפּ. דאָ האָסטו ניט וואָס מורא צו האָבן, דאָ וועט מען דיך ניט אָנרירן.

(ער ווישט זיך מיט זיין נאָזטיכל דאָס פּנים).

קלאַראַ (קומט צו צו אים) : איר זיינט פאַרוואונדעט!

האָפמאַן : דאָס איז גאָרנישט. (ער קוקט אויפן פענצטער) אַ פענצטער אויסגעבראָכן . . . (מיט אַ טיפן ווייטיק) דער מיטל־אַלטער איז דאָ צוריק . . . (ער דערמאָנט זיך גלייך אויף זיין מוטער און ער גייט שנעל צו איר) ס׳איז גאָרנישט, גאָרנישט, מוטער! קינדער האָבן זיך צעשלאָגן. (ער גלעט זי) דו האָסט זיך דאָך ניט איבערגעשראָקן, מוטערל? (ער זעט אָבער, אַז זי איז יאָ איבערגעשראָקן, דריקט ער איר קאָפּ צו זיין ברוסט) דאַרפסט ניט זיין אומרואיק, מוטער. דאָס האָבן זיך בלויז קינ־דער צעקריגט . . .

(דער טומל אין דרויסן הערט פּלוצים אויף).

פּילינגער (קוקט אַרויס דורכן פענצטער) : פּאָליציי! איצט צעשיטן זיי זיך שוין, די קליינע טייוואָלים.

האָפמאַן (גייט צו באַרוכן) : פאַרוואָס האָבן זיי דיך פאַרפאָלגט?

באַרוך : איך האָב זיך מיט זיי ניט געטשעפּעט. זיי האָבן מיך אַליין באַפאַלן.

האָפמאַן : האָבן זיי דיך געשלאָגן?

באַרוך : איינער האָט מיר געגעבן אַ שטויס אָט דאָ.

(ציינגט אָן וואו) דערנאָך האָבן זיי מיך אַלע געשלאָגן . . . דאָס איז ווייל איך בין אַ איד . . .

האָפּמאַן : ווען האָבן זיי דיך באַפאַלן ?

באַרוך : ווי נאָר איך בין אַרויס פון דער שולע. זיי זיינען אויף מיר אַרויפגעשפּרונגען און ביי מיר אָפּגענומען מיין נייעם מאַנטל . . . (ער דריקט מיט שרעק צו זיך די זאַך, וואָס ער האַלט אונטערן מאַנטל) מיין פליט ! . . . זיי האָבן געוואָלט צעברעכן מיין פליט . . . (טרערן רינען ביי אים פון די אויגן).

האָפּמאַן (גלעט אים איבערן קאָפּ) : זיי רואיק, זיי רואיק ! מער וועט מען דיר קיין שלעכטס ניט טאָן. דיין פליט איז דאָך גאַנץ.

באַרוך : אָבער מיין מאַנטל . . . מיין נייער מאַנטל . . .

האָפּמאַן : דיין מאַנטל ? דערפאַר ווייסטו ? מיר וועלן דיר קויפן אַן אַנדערן, אַ בעסערן. (באַטראַכט זיינע קליידער) אויך א נייעם אנצוג וועלן מיר דיר קויפן. אַ שיינעם.

באַרוך (דערפרייט) : אַז ? . . .

האָפּמאַן : געוויס, געוויס ! נאָך היינט וועלן מיר עס דיר קויפן. וואָס האַלטסטו דאָס דאָרט, אונטערן מאַנטל ?

באַרוך : מיין פליט.

האָפּמאַן : דיין פליט ? דאָס איז גוט. ווילסטו עטוואָס שפּילן דאָ פאַר אונדז ?

באַרוך (צופרידן) : יאָ. (ער נעמט נייגעריק ארויס זיין פליט).

האָפּמאַן : איז גוט. אָבער צוערשט דאַרפסטו זיך אַרומוואַשן. (ער נעמט ביי אים די פליט און באַטראַכט זי) אַ פיינע פליט. (גלעט אים איבערן קאָפּ) איך האָב פריער הנאה געהאַט פון דיין שפּילן. (גיט אים צוריק די פליט) מיר וועלן נאָך פאַר דיר אויך אַ לערער באַשטעלן. ער וועט דיך לערנען ווי גאָר גוט צו שפּילן. ווילסט זיך לערנען ?

באַרוך (גליקלעך) : יאָ.

האָפּמאַן : איז גוט. איצט גיי און וואַש זיך איין. דער־

נאָך וועלן מיר גיין אין אַ געשעפט און מיר וועלן דיר קויפן נייע קליידער. (צו יאָהאַנען) יאָהאַנאַ, פיר אים צום וואַש־צימער.

(יאָהאַנאַ און באַרוך גייען אַרויס.

האָפמאַן קוקט זיי נאָך ביז וואַנען זיי פאַרשווינדן. דער־נאָך נעמט ער אַ שטול און שטעלט זי ביי זיין מוטערס זייט. ער זעצט זיך אַוועק און שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויף די דאַלאָניעס פון זיינע הענט. ער רעדט לאַנגזאַם — באַ־טאָנט יעדן וואָרט:)

האָפמאַן: פאַרן וויסן — אַ נאָבל־פּריז, און פאַר אידיש־קייט — מיט אַ שטיין אין קאָפּ...

(ער קוקט זיך לאַנגזאַם אום אויף קלאַראַן. זי פאָלגט אומרואיק נאָך זיינע באַוועגונגען. ער קוקט אויף איר ווי ער וואָלט געוואָלט דורכדרינגען די טיפסטע סודות פון איר האַרץ. אונטער זיין בליק ווערט זי באַנומען פון אַ געפיל פון שרעק. ער רעדט ניט אַראָפּנעמענדיק זיין בליק פון איר:)

די פּריצים אין פוילן, צו פאַרשאַפן הנאה צו זייערע „איידעלע" פּריצטעס, פלעגן זיי אַמאָל אָנטאָן אונדזערע עלטער־זיידעס אין בערישע פעלן און אַרויסלאָזן אויף זיי יאַגד־הינט. שפּעטער פלעגן זיי זיי דערפאַר באַלוינען מיט אַן אַרענדע פון אַ שענק...

(ער קערט אָפּ זיין בליק פון קלאַראַן און ווענדט אים צו־ריק צו זיין מוטער:)

מוטער! אונדזערע עלטער־זיידעס פלעגן זיך ווענדן צו דער בין מיט אַ שפּריכוואָרט: „לא מעוקצך ולא מדובשך" — איך וויל ניט דיין גיפט און איך וויל ניט דיין האָניק...

(ער נעמט פון קעשענע אַרויס דעם בריוו מיטן אָנזאָג פונם נאָבל־פּריז, עפנט אים, קוקט אין אים אַריין און פאַנגט אים אָן לאַנגזאַם צו רייסן. ער קוקט אויף זיין מוטער, צו זען איר געפיל וועגן דעם. ער זעט אַ שמייכל אין אירע אויגן. זי הויבט אויף איר רעכטע האַנט און גלעט מיט גרויס ליבשאַפט זיינע האָר).

**מוטערל! אָט דאָס אינגל, באַרוך, איז אַ יתום. מיר ווען אים צו אונדז אין הויז אַריינגעמען. ער וועט פאַר דיר שפּילן אויף זיין פליט. ער וועט מיט דער צייט שפּילן אויף זיין פליט, ווי דוד המלך האָט געשפּילט אויף דער האַרפ —**

(ער ווענדט זיין בליק צוריק אויף קלאַראַן און ער דרינגט זי ווידער דורך. עס קומט אין אים פאַר אַ שווערער קאַמף. ער רעדט נאָך אַלץ לאַנגזאַם און באַטאָנט יעדן וואָרט, אָבער זיין קול ציטערט שוין עטוואָס און איז דורכגענומען מיט טיפן ווייטיק:)

**דו ביזט דאָס האָניק פון דער בין, קלאַראַ! —**

(קלאַראַ זינקט איין. האָפמאַן פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט און עס פילט זיך ווי אַ ציטער גייט דורך זיין קערפּער. די פּויזע איז אַ לאַנגע. ווען ער עפנט זיין פּנים צוריק, זיינען זיינע אויגן שוין מער ניט שטרענג, נאָר זיי דריקן אויס די האָפנונג אָן וועלכער מען וויל זיך אָנהאַלטן בעת גרויסן צווייפל:)

**אָדער, אפשר, קלאַראַ, ביזטו ניט דאָס האָניק, נאָר דער זעל-טענער געוויסן פון דער בין? — — —**

פאָרהאַנג



# בילד דריי
## (אַ צווישנשפּיל)

דאָס ליכט פאַלט אויף גרופּן סטודענטן אין ברוינע העמדער, וואָס זיצן און שטייען אַרום קיילעכדיקע טישן פון אַ שענק, מיט גרויסע ביר־קרוגן אין די הענט.

געזאַנג:

העלענאַ איז אַ מויד אַ פייער,
און גרעטכענס אויגן — הימל־שיין,
זיינען זיי ביידע ליב און טייער,
באַרוישן שטאַרקער מיך פון וויין.

דונער־וועטער אויף אַלע ביכער
און פון לעקציעס דעם שווערן יאָך,
איך יאָג זיך, ליבערשט, ווי אַ וויכער
נאָך ווייב און וויין די גאַנצע וואָך.

אומוואַנדלונג — אַ גרופּע דייטשן פון קינסטלערישע און געבילדעטע פּראָפעסיעס. אַלגעמיינער געשפּרעך:

— האָט איר געהערט וועגן האָפמאַנען?
— וועלכער האָפמאַן?
— דער פּראָפעסאָר לאַזאַר האָפמאַן.
— ער האָט באַקומען דעם נאָבעל־פּריז.

— אָט דער איד ?!

—איך קען דאָס ניט פאַרשטיין.

—אידישער איינפלוס: אונטערגעקויפט.

— ניט אונטערגעקויפט, נאָר די אידן זיינען אַליין די אויסטיילער פון די פריזן.

— דער איד רייסט זיך אומעטום אַריין.

— שטופּט אַלעמען אַרויס.

— מען זאָגט, ער האָט געמאַכט אַ גרויסע דערפינדונג.

— מן הסתם אויסגענאַרט ביי אַ דייטש.

אַלע: זייער גאַנצע חיונה ציען זיי פון נאַרעריי.

אַ דאָקטאָר: זייערע דאָקטוירים פאַרנאַרן אַלע פּאַציענטן.

אַ מוזיקער: זייערע מוזיקער פאַרנאַרן אַלע צוהערער.

אַ שוישפּילער: זייערע שוישפּילער פאַרנאַרן די אוידיטאָריומס.

אַ זשורנאַליסט: די גאַנצע פּרעסע איז אין זייערע הענט.

אַן אַדוואָקאַט: ריכטער פאַרקויפן זיך צו זייערע יוריסטן.

אַ פאַבריקאַנט: דאָס איז די מאַכט פון זייער קאַפּיטאַל.

אַ סוחר: קאַפּיטאַל און שווינדל.

אַלע (מיט אַ קוויטש): האָפמאַן, דער איד און דער נאָבל־פּריז — אַן אומרעכט!

אַן אַקאַדעמיקער: פון אַלע דייטשן האָט מען באַשטימט דעם אידן!?

אַ פּראָפעסאָר: אין אוניווערסיטעט נעמט ער איבער דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט!

צווייטער פּראָפעסאָר: און מאָרגן וועט ער דערעפענען דעם אוניווערסיטעט!

אַלע: ווידער ער — דער איד!? און דר. לאַנדויער?

(הויבן אויף די הענט אין דער הויך)

צווישן דעם דר. לאַנדויער און דעם אידן — האָט דער
איד געזיגט ?! גאָט אין הימל!

(לאָזן די הענט אַרונטער, פאַרטיפן זיך ווי אין אַ תפילה
און שאָקלען דערנאָך צו מיט די קעפּ אין אַ צייכן פון
הסכם און שרייען אוים העכער און העכער:)

אַן אומרעכט!

אַן אומרעכט!!

אַן אומרעכט!!!

אַ שטאַטסמאַן: גאַנץ דייטשלאַנד וועט שוין באַלד
זיין אין זייערע הענט.

אַלע: דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן!

שטאַטסמאַן: מ'דאַרף פּראָטעסטירן!

אַלע: דייטשלאַנד טאָר ניט ווערן קיין אידנלאַנד!

פּראָפעסאָר: מ'דאַרף אויפשטורעמען די סטודענט־
שאַפט!

אַלע: מ'דאַרף אויפשטורעמען די סטודענטשאַפט!

אומוואַנדלונג — די זעלביקע גרופּע סטו־
דענטן אין ברוינע העמדלעך. איינער טוט אַ
זעץ מיטן ביר־קרוג אַן טיש און שרייט אוים:

— אַן אומרעכט!

(די איבעריקע פאָלגן נאָך זיין ביישפּיל און שרייען אַלע
צוזאַמען:)

— עס איז נאָך דאָ אין אונדז דייטשער ערך־געפיל!

— מיר ווילן פאַרן פּראָפעסאָרן־אַמט דר. לאַנדויער!

אַלע: מיר ווילן דר. לאַנדויער!

— אַרונטער מיט דעם אידן!

איינער: מיר ווילן ניט קיין אידישע פּראָפעסאָרן!

אַלע: אַרונטער מיט די אידישע פּראָפעסאָרן!

(טוען אַ זעץ מיט די קרוגן אַן די טישן:)

— מיר וועלן זיי איבערצייגן, אַז ניט אַלע דייטשן זיינען פאַרקויפט!

איינער: האָפמאַן איז אַ קאָמוניסט!

אַלע: אַלע אידן זיינען קאָמוניסטן!

(דראָען מיט די פויסטן —)

— אַלע קאָמוניסטן זיינען אידן!

(זעצן מיט די קרוגן אָן די טישן —)

אַרונטער מיט די אידן!

(און זיי סאַלוטירן —)

מיר ווילן לאַנדויער!

מיר ווילן לאַנדויער!!

מיר ווילן לאַנדויער!!!

(מיט אויפגעהויבענע פויסטן —)

טויט צו אַלע אידן!

טויט צו די קאָמוניסטן!!

איינער: מיר וועלן עם ניט דערלאָזן!

אַלע: מיר וועלן עם ניט דערלאָזן!

אומוואַנדלונג — די גרופּע סטודענטן מיט רויטע שלייפן אין די לאַצן.

איינער (קומט האַסטיק אַריין): האָט איר געהערט די נייס?

אַלע: וועלכע נייס?

דער איינער: האָפמאַן האָט געקראָגן דעם נאָבל-פּריז.

אַן אַנדערער: לאַזאַר האָפמאַן וועט מאָרגן דערעפענען דעם אוניווערסיטעט!

אַ דריטער: ער נעמט איבער דעם מאַטעמאַטישן פאַקולטעט!

אַלע: אונדזער זיג!
אונדזער זיג!!
איינער: לאַנדויער איז געווען אַ פּעסט!
אַ צווייטער: אַ רעאַקציאָנער!
אַ דריטער: אַ פאַשיסט!
אַ פערטער: פאַרקויפט צום קאַפּיטאַל!
אַ פינפטער: אַ יונקער!
אַ זעקסטער: אַ מיליטאַריסט!
אַלע: אַרונטער מיט די פאַשיסטן!

אומוואַנדלונג — צוריק אויף דער גרופּע דייטשן פון די קינסטלערישע און געבילדעטע פּראָפּע־סיעס.

אַ פרוי (מיט אַ קוויטש): האָט איר געהערט וועגן קלאַ־ראַ פאָןווירטענבערג?
אַ צווייטע: אַ שענדלעכע געשיכטע.
אַ דריטע: זייער גרויזאַם!
אַ מאַן: דער איד פאַרמעסט זיך אַזש אויף אונדזער אַדל!
אַ צווייטער: אַ שרעקלעכער סקאַנדאַל!
אַ דריטער: פאָן ווירטענבערג און האָפמאַן — אַ סקאַנדאַל!
אַלע (פאַרצווייפלט): די אידן פאַרכאַפּן אַלץ!
די פרויען: אַן אומרעכט!
די מענער: שווייַנערייַ!
אַלע: דאָס טאָר מען ניט דערלאָזן!
איינער: דער איד מוז אומגעבראַכט ווערן!
אַ צווייטער: דער איד פאַרניכטעט די דייטשע ראַסע!
אַ דריטער: דער איד שענדט דאָס דייטשע בלוט!
אַלע: אַרונטער מיט די אידן!

אומוואַנדלונג — צוריק אויף די סטודענטן אין ברוינע העמדלעך.

איינער: — אַן אומרעכט!

אַ צווייטער: שווייַנערייַ!

אַלע: מיר וועלן עס ניט דערלאָזן!

(זעצן מיט די קרוגן אַן די טישן און מיט גרימאַסן און זשעסטן ווי פון וואַלקירן:)

מיר וועלן דעם אידן אומברענגען!

ער וועט אונדזער בלוט ניט שענדן!

מיר וועלן קלאַראַן פון זיינע לאַפּעס אַרויסרייסן!

טויט צו אַלע אידן!

טויט צו אַלע אידן!!!

אַרונטער מיט לאַזאַר האָפּמאַן!

אַרונטער מיט לאַזאַר האָפּמאַן!!!

לאַנג לעבן זאָל לאַנדויער!

לאַנג לעבן זאָל לאַנדויער!!!

דאָס ליכט פאַלט צוריק אויף דער גרופּע סטודענטן מיט די רויטע שלייפן.

איינער: די ברוינע העמדער גרייטן אַ דעמאָנסטראַציע.

אַ צווייטער: זיי ווילן אַרונטערוואַרפן האָפּמאַנען!

אַ דריטער: צוריק אַריינברענגען לאַנדויערן.

אַלע: די פאַשיסטן!

איינער: די פינצטערע כחות!

אַ צווייטער: לאַנדויערס פּראָוואָקאַציע!

אַ דריטער: זיי וועלן מאָרגן דורכפירן אַ דעמאָנסטראַציע!

אַלע: מיר וועלן עס ניט דערלאָזן!

(מיט די הענט אינדערהויך:)
ברידער צום קאַמף!
ראָט פראָנט!
אַרונטער מיט פאַשיזם!
ברידער, צום גערעכטן קאַמף!

פינצטער



# בילד פיר

אוניווערסיטעט־זאַל אין בערלין.
רעכטס, אַ בינע, אויף וועלכער עס זיצן אין אַ ריי אַ גרופּע פּראָפעסאָרן, און צווישן זיי לאַזאַר האָפּמאַן.
דער זאַל איז אָנגעפּילט מיט סטודענטן. די סטודענטן אין ברוינע העמדלעך גרופּירן זיך רעכטס און די מיט די רויטע שלייפן — זייער ענע לינקס.
פּרעזידענט עבעלינג פאַרענדיקט זיין רעדע :

פּרעזידענט עבעלינג:
. . . עס איז געווען אונדזער מנהג פון אַלע יאָרן, אַז דער כבוד צו עפענען דעם אוניווערסיטעט זאָל אויסגעטיילט ווערן דעם דאָזיקן, וועלכער האָט זיך אין משך פונם יאָר אויסגעצייכנט אויף אַ וועלכן ניט איז געביט פון וויסנשאַפט. ביי דעם דאָזיקן מנהג האַלטן מיר זיך אויך היאַיאָר. איך האָב דעם כבוד פאַר אייך פאָרצושטעלן אַ גרויסן וויסנשאַפטסמאַן, אַ מאַן, וואָס כאָטש ער איז נאָך זייער יונג, האָט ער שוין באַוויזן אַזעלכע גרינטלעכע קענטעניש אויף אַלערליי געביטן פון וויסנשאַפט, אַזש ער האָט צו זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער וועלט : נאָבל־פּריז־געווינער, מאַטעמאַטיקער, פיזיקער, פובליציסט און קינסטלער, אַקאַדעמיקער פּראָפעסאָר דר. לאַזאַר האָפּמאַן . . .

סטודענט אין ברוין (שפּרינגט צו נעענטער צו דער

בינע): ער האָט געשענדט אַ דייטשע מיידל! ער שענדט דייטשע בלוט!

צווייטער סטודענט אין ברוין: איך פּראָטעסטיר, וואָס אַ איד וועט דערעפענען דעם אוניווערסיטעט!

(דער פּרעזידענט הערט אויף רעדן. די פּראָפעסאָרן אויף דער בינע ווערן צוטומלט.)

סטודענטן אין ברוין:

אַרונטער מיט די אידן!

אַרונטער מיט די פאַררעטער!

מיר וועלן זיך ניט איבערגעבן צו קיין שאַנד!

מיר פאָדערן לאַנדויערן!

מיר פאָדערן לאַנדויערן!!!

סטודענטן פון לינקס (גלייכצייטיק מיט די סטודענטן אין ברוין):

ווערט שטיל!

וואַרפט זיי אַרויס!

פאַשיסטן!

פינצטערע כוחות!

זאָל לעבן האָפמאַן!

זאָל לעבן האָפמאַן!

(גרויסער טומל. האָפמאַן שפּרינגט אויף, כאַפּט דעם האַמער פונם פאָרזיצערס האַנט, און פאַנגט אָן קלאַפּן אָן טיש. זיינע באַוועגונגען זיינען אַזוי העפטיק, אַז עס ווערט שטיל.)

האָפמאַן: א י ד האָט דעם לאַזונג אַרויסגעגעבן — א י ד! נעם איך אים אָן און איך שווער — איך וועל אים מיט ווירדע טראָגן! א י ד? דאַן ציט עס זיך פון איידער בראשית נאָך: פון יעהאָוואַן און דורך משהן, דורך קריסטוסן און ביז מאַרקסן . . .

אויסגעשריי: קענסט אין דיין משפחה אויך לענינען אַריינגעמען און אפילו ליבקנעכטן, אויב דו ווילסט . . . (געלעכטער.)

האָפּמאַן: אַ דאַנק פאַר דעם אויסגעטיילטן כבוד! גיט איר זיי מיר, נעם איך זיי אין מיין משפּחה אַריין און איך וועל נאָך שטאָלצער מיט מיין יחוס... און וויבאַלד, דורך מיין יחוס וועל איך פון אייך פאַר אַ שונא באַשטימט, דאַן איז מיר קלאָר אויך אייער שטאַם: ער ציט זיך פונם שטן, דורך פּרעה'ן, דורך המנען, נירון, טאָרקוועמאַדאָ...

אויסגעשריי: האַיל היטלער!

האָפּמאַן: יאָ, און ביז היטלערן! און איך שווער דערביי, אַז ווי דאָס ליכט פון מיין שטאַם איז קיינמאָל ניט צו־ריקגעטראָטן אין קאַמף קעגן אייך, אַזוי וועל איך אויך ניט צו־ריקטרעטן...

אַ סטודענט אין ברוין: ער וואַגט נאָך צו דראָען, דער איד!

אַ צווייטער: ער לעסטערט זיך!

סטודענטן אין ברוין: אַרונטער מיט די אידן!

(אַלגעמיינער טומל. האָפּמאַנס קול ווערט פאַרשריען.)

דער פּרעזידענט (קלאַפּט מיטן האַמער): ברענגט די פּאָליציי! ברענגט די פּאָליציי!

אַ סטודענט פון לינקס (שפּרינגט אַרויף אויף דער בינע): דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע פון די פאַשיסטישע כוחות און פון פינצטערע מוחות! אַרונטער מיט די פאַשיסטן! אַרונטער מיט דר. לאַנדויער!

סטודענטן אין ברוין (פאַרשרייען אים):
מיר דאַרפן דאָ ניט קיין מאַרקסיסטן!
די מאַרקסיסטן זיינען פאַרקויפטע צו אידן!
אַרונטער מיט די פאַררעטער!
אַרונטער מיט די אידן!

(די סטודענטן אין ברוין רייסן זיך צו דער בינע. די סטו־דענטן פון לינקס פאַרשטעלן זיי דעם וועג. אַלגעמיינער געשלעג. פּאָליציי קומט אָן און אינם געשלעג מישן זיי זיך אויס מיט די סטודענטן.)

פאָרהאַנג

# בילד פינף

די לאַבאָראַטאָריע ווי אין בילד איינס. אָוונט.
האַלב טונקל.
אין צימער איז לאַזאַר האָפּמאַן איינער אַליין.
ער זיצט ביים שרייב־טיש, אַן אומרואיקער,
אַ נערוועזער. זיין פּנים אויסגעמאַטערט און
קענטיק אויף אים שפּורן פון שלאָפלאָזע נעכט.
זיינע האָר זיינען צעשויבערט, די באַקן —
ניט ראַזירט. עס זעט זיך אָן, אַז ער האָט די
לעצטע טעג געלעבט זייער אָנגעשטרענגט און
אין זיין נשמה איז פאָרגעקומען אַ שווערער
און ביטערער קאַמף.
אין דרויסן איז זייער טומלדיק: קולות, אויס־
געשרייען, קאַמף־אויסרופן פון אַ גרויסן המון,
סיגנאַלן פון אַ מיליטערישן האָרן, אָפּטע שי־
סעריי, ווילדער עקסטאַז פון איין זייט, קרעכצן
און אויסגעשרייען פון לייד און פּיין פון צווייטן
זייט. אין דרויסן ווערט אָנגעפירט אַ שטרייט
אויף לעבן און טויט צווישן גרויסע מחנות.
דער שטרייט צעפלאַקערט זיך און ווערט דער־
נאָך שטילער און צעפלאַקערט זיך ווידער און
אויפדאָסניי און מיט אַ מאַכטיקערן טעמפּאָ.
עס באַקומט די אויבערהאַנט אַמאָל איין מחנה
און עס הערן זיך אירע קולות פון טריאומף;
עס קריגט דערנאָך די אויבערהאַנט די צווייטע
מחנה און עס טראָגן זיך שוין קולות פון פּיין.

## געזאַנג פון דרויסן:

פאַר פרייהייט, פאַר גלייכהייט, —
ברידער, פאָרויס אין העלדישן קאַמף,
בלויז קייטן קענען מיר היינט פאַרלירן,
געווינען קענען מיר דאָך אָבער אַליך!

דאָס געזאַנג ווערט איבערגעריסן; עס אַנט־
וויקלט זיך אַ קאַמף. שיסערײַ, אויפרייסן,
קרעכצן פון פאַרוואונדעטע. עס זיגט דער
צווייטער צד און עס דערהערט זיך שוין זייער
געזאַנג פון טריאומף, באַגלייט פון ווילדע אויס־
רופן, ווילדן געלעכטער, אויסגוס פון גרימצאָרן
פון אַ וואַנזיניקן המון:

אויסראָטן וועלן מיר היינט אַ צענדליק טויזנט
אין געהייליקטקייט פון גערעכטן צאָרן;
פאַרניכטן מאָרגן וועט דעם צווייטן צענדליק טויזנט
דער ברויזנדיקער וואַנזין פונם המון,
און די צענדליקער טויזנטער, וואָס וועלן נאָך בלייבן
אויסרייניקן וועלן מיר אין קומענדיקן קריג.
און העלדיש,
אומבאַזיגבאַר,
איינציק און הערלעך,
הערשנדיק און קיינמאָל ניט באַהערשט, —
וועט העכסטע הויכן גרייכן
די קרוין פון וועלט —
אונדזער גרויסער שטאַם.

אויסגעשרייען פון „בראַוואָ" און „הוראַ". מי־
ליטערישע מוזיק. אָפּקלאַנג פון טריט פון מי־
ליטערישע מאַסן. קורצע מיליטערישע קאָמאַנ־
דעס. דער שטרייט איז געענדיקט. דאָס מי־
ליטער פאַרפאָלגט די באַזיגטע. עס ווערט שטיל.

אָן געריש, שטיל קומט אין צימער אַריין אַ פֿאַנטאָם־פיגור, וואָס זעט אויס פונקט ווי האָפמאַן, ווען ער איז, ווי מיר שטעלן זיך פאָר, רואיק, איבערלייגט, געמיטלעך, און שעפעריש־עמפינדעריש. ער זעצט זיך אויף אַ שטול אַנטקעגן האָפמאַנען, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, די הענט אויפן ברוסט, זיצט און באַטראַכט האָפמאַנען און האָפמאַן — אים.

אַ פויזע.

די פיגור: דער שטרייט איז געענדיקט.

האָפמאַן (דערשראָקן): געענדיקט? . . . ניין, ניט געענדיקט . . . ער'ט זיך צוריק אָנפאַנגען . . . ערגעץ אַנדערש . . .

די פיגור: די רעזולטאַטן וועלן אָבער זיין די זעלבע.

האָפמאַן (פאַרצווייפלט): קיין האָפנונג?

די פיגור: אפשר אין דער ווייטער צוקונפט . . . (איבערלייגט) עס קענען דאָך ניט אייביק ווייען בייזע ווינטן, עס קען דאָך ניט דער טאָג אויף אייביק זיך פאַרהיילן . . . דערווייל אָבער איז שרעק און פינצטערניש פאַרשפרייט . . . צייט האָט זיך צוריק צום מיטלאַלטער פאַררוקט.

האָפמאַן (זינקט איין): וואָס־זשע ווילסטו?

די פיגור (וואַרפט אַ בליק איבערן צימער): אַ נייע דערפינדונג?

האָפמאַן (טרויעריק): יאָ, אַ נייע דערפינדונג! . . . (דערנאָך באַגייסטערט) געוויס אַ נייע דערפינדונג! עס איז מענטש פאַרטאָן אין פראַצע און אין אָנשטרענגונג פון שווערער מי. עס צעהאַמערט אים דער האַמער און עס שניידט אונטער זיינע כוחות די קאָסע און דער סערפּ. דערפאַר האָב איך יאָרנלאַנג געאַרבעט און געחשבונט און אַנטפּלעקט די געהיימע כוחות פון דער נאַטור, זיי איינגעצוימט, אַוועקגעשטעלט זיי אונטער מענטשלעכן קאָנטראָל. און פון איצט אָן וועט שוין זיין פאַרשפּאָרט דעם מענטשן צו אַרבעטן — ער וועט לייכט

קאָנטראָלירן די נאַטור און זי וועט אים, אָן מי און אָן פּראַצע, שווין מיט אַלע זיינע באַדערפענישן באַזאָרגן.

די פיגור (צוקט מיט די אַקסלען, זאָגט סאַרקאַסטיש): אַלע באַדערפענישן . . .

האָפּמאַן: דער מענטש וועט ווערן פון פּראַצע פריי, פריי פון שקלאַפעריי, ער וועט האָבן רו, און אין רואיקייט וועט ער זיך דערהויבן . . . אַ פרייער . . . אַ געלייטערטער . . . אָן קנאה, אָן שנאה . . . אַלע פאַר פרייהייט און פרייהייט פאַר אַלעמען . . .

די פיגור: דיין וויזיע, איך לייקן ניט, איז אַזוי ווי דיין דערפינדערישע געניאַליטעט: זי פאַרלויפט דורות אין פאָ־רויס.

האָפּמאַן (ביי זיך אַראָפּגעפאַלן): איז וואָס־זשע ווילסטו?

די פיגור: צייט ציט זיך אויף צוריק און דו לויפסט פאָרויס — דער מהלך צווישן דיר און מענטש ווערט אַלץ גרעסער.

האָפּמאַן: איז וואָס־זשע ווילסטו אַז איך זאָל טאָן? אויך צוריקטרעטן? . . . (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ) איך קען אָבער ניט!

די פיגור: מען לאָזט ניט איבער קיין חלפים וואו קינ־דער שפּילן זיך.

האָפּמאַן: חלפים? . . . וואָס מיינסטו? . . . מיין דער־פינדונג פאַרגלייכסטו צו אַ חלף?

די פיגור: נאָבל האָט דערפונדן דינאַמיט אויף אויפ־צורייסן פעלזן, אויסגלייכן בערג, ער האָט געהאַט אין זינען צו פאַרלייכטערן די מי פון מענטש.

האָפּמאַן (זינקט איין): ס'איז אמת . . . (דערנאָך הויבט ער אויף זיין פאַרצווייפלטן בליק) איז וואָס?

די פיגור: איז דינאַמיט אָבער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון מיליטער און זע די קללה וואָס ער האָט געבראַכט . . .

הָאפּמאַן (זינקט נאָך טיפער איין) : **סאַר'אַ פאַרגלייך.**

די פיגור : **די אומגעהויערע קראַפט פון דיין דערפינ־דונג, קען זי דען אויך ניט חרוב מאַכן? באַרעכן זיך נאָר, אַ סטאַנציע אין שפּיצבערגען קען צעשמעלצן די אייז־בערג אויפן נאָרט־פּאָל.**

הָאפּמאַן (שטאָלץ) : **און אַ סטאַנציע אין עגיפּטן קען באַוואַסערן און פרוכטבאַר מאַכן דעם סאַכאַראַ מדבר.**

די פיגור : **אמת. אָבער אַ סטאַנציע, לאָמיר זאָגן, אין בערלין קען דאָך אויך צעשמעלצן מאָסקווע, לאָנדאָן, פּאַריז . . .**

הָאפּמאַן (ביי זיך אַראָפּגעפּאַלן און מיט אַ געזונקענעם קול) : **אמת . . .**

די פיגור : **אין דרויסן האַלט פינצטערניש ביים זיגן און באַלד קענסטו, צוזאַמען מיט דיין דערפינדונג, זיין אין זייער רשות . . . וואָס דענקסטו וועט דאַן געשען? . . .**

הָאפּמאַן (שפּרינגט אויף ווי פאַרוואונדעט און מיט אַן אויסגעשריי פון שרעק) : **ניין! ניין!! ניין!!! דאָס טאָר ניט געשען!**

די פיגור : **אַוודאי טאָר דאָס ניט געשען!**

הָאפּמאַן (מיט אַ באַנומענעם קול) : **אָבער וואָס זאָל איך טאָן?**

די פיגור : (שטייט אויף און אַנשטאָט צו ענטפערן האָפּ־מאַנען, נעמט ער אים פאַרן האַנט און פירט אים אין ווינקל פון צימער, וואו עס שטייט דאָרט, אַנגעשפּאַרט אָן וואַנט, אַ ברעך־אייזן ; ער גיט דעם ברעך־אייזן צו האָפּמאַנען אין האַנט אַריין און פירט אים אויף דער פּלאַטפאָרמע, ציט אַראָפּ דעם לייוונט פון די קאָנטראָל־אינסטרומענטן און זאָגט אים מיט אַ קול קעגן וועלכן מען קען ניט ווידערשטיין : ) **צעברעך! לאָז קיין שפּור ניט איבער!**

(פון דרויסן דערטראָגט זיך ווילדער געלעכטער ; אויס־געשרייען פון טריאומף און פּיין. פון איין זייט דערטראָגט זיך דאָס געזאַנג פון פרייהייט :

**„פֿאַר פֿרייהייט, פֿאַר גלײַכהייט, —**
**„ברידער, פֿאָרויס אין העלדישן קאַמף!"**

און פֿון דער צווייטער זייט דערטראָגט זיך דאָס געזאַנג פֿון רציחה:

**„אויסראָטן וועלן מיר היינט אַ צענדליק טויזנט**
**„אין געהייליגטקייט פֿון געדעכטן צאָרן" —**

בעת האָפֿמאַן הויבט אויף און לאָזט אַרונטער דעם ברעך־אייזן און שמעטערט און צעשמעטערט די אינסטרומענטן, וואָס ער האָט אַליין געשאַפֿן).

פֿוירהאַנג



# בילד זעקס

די טענער פון מענדעלסאָנס „אויף די פליגלען פון מוזיק", געשפילט אויף אַ פלייט, פאַנגען אָן טראָגן זיך פון ערגעץ. דער פארהאַנג הייבט זיך אויף איבער לאָזאַר האָפמאַנס אַרבעטס־צימער. דאָס פלייטן־שפיל דערטראָגט זיך פון אַ זייטיקן צימער. אין זיין צימער איז האָפמאַן איינער אַליין. ער זיצט ביי זיין טיש, זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף די דאַלאָניעס פון זיינע הענט, און ער הערט זיך איין צו דער מוזיק.

האָפמאַן איז נאָך מער איינגעזונקען געוואָרן איידער מיר האָבן אים פריער געזען, זיין בליק איז אַן אומרואיקער, בלאַנק און זיינע באַוועגונגען זיינען האַסטיק און אומגעדולדיק — אַ שאַרפער נערוועזער צושטאַנד.

עס איז דער ערשטער אַפּריל, 1933, דער טאָג אין וועלכן די נאַציס האָבן דורכגעפירט אַן אַלגעמיינעם באָיקאָט קעגן אידן.

קלאַראַ קומט אַריין. די געשעענישן האָבן קענטיק אויך אויף איר איבערגעלאָזט זייערע שפּורן. אויך זי איז אומרואיק און איר פּנים איז בלייך און טרויעריק. אין האַנט טראָגט זי אַ בריוו.

**האָפמאַן** (הויבט אויף דעם קאָפּ, דערפרייט זיך מיט איר): קלאַראַ! (קושט איר האַנט און טוליעט צו איר זיין פּנים).

**קלאַראַ** (גלעט זיינע האָר, קושט זיין שטערן): אַ בריוו פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע (דערלאַנגט אים דעם בריוו).

**האָפמאַן** (נעמט דעם בריוו, אָבער עפנט אים ניט ביז וואַנען עס ענדיקן זיך די לעצטע טענער פון דער מעלאָדיע, וואָס ווערט געשפּילט. דאַן הויבט אויף זיין קאָפּ צו קלאַרען און רעדט ווי מיט אַ פּאָטערלעכן שטאָלץ): באַרוך האָט זיך אַנטוויקלט נאָך מער איידער איך האָב דערוואַרט. ער וואַקסט אַ מוזיקאַלישער גאון. זיין לערער האָט מיר היינט געזאָגט, אַז ער האָט אים זעלבסט איבערגעשטיגן. ער רעקאָמענדירט פאַר אים די קאָנסערוואַטאָריע ... (זיין קול ווערט טרויעריק) יאָ, די קאָנסערוואַטאָריע ... אַפילו בעטכאָווען וואָלט איצט אַהין קיין צוטריט ניט געהאַט, ווען גורל וואָלט אים צוגעשטייערט אַביסל אידישן שטאָם ... (ער ווערט אָבער מוטיקער) עס זיינען אָבער דאָ פיינע קאָנסערוואַטאָריעס אין פראַנקרייך און אויך אין איטאַליען ... (און נאָך אַ פויזע פאַנגט ער אָן רעדן פאַרביטערט) די מערערע און די בעסערע לערער פון דער היגער קאָנסערוואַטאָריע זיינען פון דאָרט פאַרטריבן געוואָרן ... פאַר זייערע פרייערע אנשויאונגען, אָדער — פאַר זייער אידישקייט ... (און ער ווערט טרוימעריש) עס זיינען נאָך דאָ אויף דער וועלט דאַנקבאַרערע באָדנס פון דייטשלאַנדס. די פאַרטריבענע לערער וועלן נאָך געפינען אַ ווינקל וואו צו עפענען אַן אייגענע קאָנסערוואַטאָריע ... מוזיק! דאָ ווערן טענער דערשטיקט — זיי וועלן זיך אָבער צעקלינגען ערגעץ אַנדערש ... באַרוך איז אַ גאון! ער וועט שאַפן! אָהאָ, ווי ער וועט נאָך זינגען! (ער טוט אַ טרייסל מיטן קאָפּ, ווי צו פאַרטרייבן טרויעריקע געדאַנקען און ער גייט אַריבער אין אַ געשעפטסמעסיקן טאָן:) לאָמיר זען, וואָס עס וויל פון מיר די (איראָניש) „וויסנשאַפטלעכע" אַקאַדעמיע. (ער עפנט דעם בריוו און לייענט אים פאַר זיך).

קלאַראַ: וואָס שרייבן זיי?

האָפמאַן: צוקער זים — זייער אַ שלעכטער סימן... אַן אָפּרוף, קענטיק, אויף דער רעזיגנאַציע, וואָס איך האָב זיי אַריינגעשיקט.

קלאַראַ: אָנגענומען?

האָפמאַן: וועגן דעם ווערט ניט גערעדט. פּראָפ. לאַנדויער פאַרבעט מיך צו קומען זען זיך מיט אים...

קלאַראַ (דערשראָקן): לאַנדויער?

האָפמאַן: יאָ.

קלאַראַ: וועסטו גיין?

האָפמאַן: איך מוז. אַן איינלאַדונג איז היינט צו טאָג געגליכן צו אַ באַפעל...

קלאַראַ: איך האָב מורא, אַז ס'האַנדלט זיך ניט וועגן דיין רעזיגנאַציע, נאָר וועגן דיין דערפינדונג...

האָפמאַן: איך דענקט אויך אַזוי.

קלאַראַ: איז דען ניטאָ קיין מעגלעכקייט ניט צו גיין?

האָפמאַן: ניטאָ.

קלאַראַ: און אַז ער וועט פון דיר פאָדערן די דערפינדונג?

האָפמאַן: וועט ער בלייבן ביי זיין פאָדערונג...

קלאַראַ (פאַרויסזענדיק אַ געפאַר): זיי וועלן זיך ניט אָפּשטעלן פון ברויכן אַפילו געוואַלד־מיטלען...

האָפמאַן: זיי ברויכן זיי אַלץ איינס.

קלאַראַ: זיי וועלן ווילד ווערן און ס'וועט נאָך ערגער זיין...

האָפמאַן: איך בין גרייט.

קלאַראַ: שטעלסט דיין לעבן אין געפאַר... (כמעט היסטעריש) איך האָב מורא... איך האָב מורא...

האָפמאַן (גערירט): פאַר מיר, קלאַראַ?... (שטייט אויף און לייגט אַרויף זיינע הענט אויף אירע אַקסלען) זיי מוטיק קלאַראַ! איך בין גרייט — זיי אויך גרייט!

קלאַראַ (פאַרצווייפלט): ס'איז דאָך אָבער אומזיסט!
... אומזיסט! ... ס'וועט קיינשום נוצן ניט ברענגען ... אַ, לאַזאַר, דו קענסט זיי ניט! ... זיי זיינען נאָך ערגער פון בלוטדורשטיקע חיות!

האָפמאַן: אָבער וואָס ווילסטו אַז איך זאָל טאָן?

קלאַראַ: לאָמיר פון דאַנען אַוועקפאָרן! לאָמיר אַנט־לויפן!

האָפמאַן: אומזיסט, קלאַראַ! איך וועל ניט פאָרן איי־דער איך וועל אויספּרובירן אַלע מיטלען. ווי נאַאיוו, פאַנטאַס־טיש, אומגלויבלעך מיינע מיטלען זאָלן ניט זיין, מוז איך זיי דאָך אויספּרובירן ... זאָל מיין געוויסן זיין ריין, אַז איך בין ניט אַנטלאָפן געוואָרן ווי אַ פּחדן, זיך אַליין געראַטעוועט און אַנדערע איבערגעלאָזט אין זייערע ליידן ...

קלאַראַ: אָבער דו העלפסט דאָך ניט! ווייסט אַליין, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ זשעסט ...

האָפמאַן: ניט אַ זשעסט, נאָר אַ דעמאָנסטראַציע!

קלאַראַ: יאָ, אַ דעמאָנסטראַציע ... אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס וועט פון קיינעם ניט געזען ווערן און צו קיינעם ניט באַ־וואוסט ווערן ... אַ דעמאָנסטראַציע, ביי אַ שטומער פּרעסע און ביי אַ פאַרשטומטער געזעלשאַפטלעכער מיינונג ... כל זמן דו ביזט נאָך אויפן דייטשן באָדן, ביזטו אין זייערע הענט או ביזט שטום צוגלייך מיט אַלעמען ... וועסט דאָ פאַלן אַן אומזיסטער קרבן. ווען דו ביזט אָבער אין אויסלאַנד, ביזטו אויסער זייער רשות און דאַן וועט דיין שטימע דערהערט ווערן און וועסט ניט נאָר קענען אָנזאָגן דאָס פאָלק, נאָר די רעגירונג זעלבסט וועט מיט דיר מוזן פאַרהאַנדלען ...

(זי צעוויינט זיך).

האָפמאַן (וויל זי באַרואיקן): זיי מוטיק, קלאַראַ! (ער נעמט זי אַרום. זי פאַלט צו צו אים.) נו, ניט געוויינט! (ווישט איר די טרערן).

(מ'קלינגט אין טיר און יאַהאַנאַ קומט עפענען).

האָפמאַן: עמיצער קומט.

(קלאַראַ טרעט אָפּ פון אים, זעצט זיך ביים טיש, נעמט זיך כלומרשט אַרבעטן אויף דער שרייב־מאַשינקע. ווישט זיך דערווייל די שפּורן פון טרערן אויף איר פּנים.
פילינגער קומט אַריין.
אויף אים זיינען ניט קענטיק קיינשום ענדערונגען, הגם עס זעט זיך אַז ער איז איצט פאַרזאָרגט).

האָפמאַן און קלאַראַ (דערפרייט): פילינגער! ...

האָפמאַן (גייט אים אַנטקעגן און שטרעקט אים אויסביידע הענט): ווען זייט איר צוריקגעקומען?

פילינגער: היינט אינדערפרי.

האָפמאַן (מיט פאַרוואורף): און מיר האָט איר אַפילו ניט געמאָלדן אַז איר קומט ...

פילינגער: איך האָב אַליין ניט געדענקט אַזוי שנעל צוריקצוקומען. (ער גייט צו קלאַראַן) וואָס מאַכט איר פרייליין פאָן ווירטענבערג?

(זיי דריקן זיך די הענט).

קלאַראַ: אָ, הער פילינגער, איר זיינט קיינמאָל ניט געווען אַזוי ווילקאָמען ווי איצט ...

(פילינגער קוקט אויף איר מיט אַ צייכן אַז ער פאַרשטייט).

האָפמאַן: פון וואַנען קומט איר איצט, פילינגער? פון שטראַסבורג?

פילינגער: ניין, פון פּאַריז.

האָפמאַן: פון פּאַריז — ? זיינט איר אין פּאַריז אויך געווען?

פילינגער: ווען איך וואָלט ניט געווען אין פּאַריז, וואָלט איך צוריק אין דייטשלאַנד ניט געקענט אַריינקומען ...

האָפמאַן (פאַרוואונדערט): פאַרוואָס?

פילינגער (מיידט אויס אַ דערקלערונג): וועגן דעם וועל איך שפּעטער דערציילן. (פּלוצים) איז עס אמת, אַז איר האָט אַרויסגעגעבן דעם סוד פון אייער דערפינדונג?

האָפמאַן: ניט דעם סוד פון דער דערפינדונג, נאָר דעם סוד פון איר עקזיסטענץ!

פילינגער: דאָס איז וואָס איך מיין.

האָפמאַן: פון וואַנען האָט איר זיך וועגן דעם דערקוני־דיקט?

פילינגער: איך האָב זיך געטראָפן מיט איינעם אַ העגדערסאָן... אַן אַמעריקאַנער צייטונג־קאָרעספּאָנדענט... איר האָט אים געגעבן אַן אינטערוויו... פאַרוואָס האָט איר זיך קודם מיט מיר ניט באַראַטן וועגן דעם?

האָפמאַן: איך האָב דאָך ניט געקענט נאָכפאָלגן אייך קיין פראַנקרייך. און שרייבן אייך וועגן דעם האָב איך ניט געוואַגט, ווייל איך בין זיכער, אַז מיינע בריוו ווערן צענזורירט.

פילינגער: אָבער וואָס איז דער זין דערפון? איצט, אונטער אָט דעם ווילדן רעזשים?...

קלאַראַ: מיינע אַרגומענטן זיינען פונקט די זעלבע...

האָפמאַן: איך נעם אָן דעם לעצטן פאַרצווייפלטן שריט.

פילינגער: ווייסט איר דען ניט, אַז מיט דעם וואָפן פון אייער דערפינדונג, ווען עס פאַלט אַריין אין זייערע הענט, וועלן זיך די נאַציס באַפעסטיקן אויף דורות אין דייטשלאַנד? ווילט איר היטלערן מאַכן פאַרן צווייטן נאַפּאָלעאָן?

האָפמאַן: ניין, איך וויל אים צוטראָגן אַ וואָטערלו ביים סאַמע אָנפאַנג

קלאַראַ: ער וויל דעמאָנסטרירן קעגן דער איצטיקער ווילדער מאַכט...

פילינגער: דעמאָנסטרירן?!...

קלאַראַ (צו פילינגערן): פּראָפ. לאַנדויער פאָדערט אויף האָפמאַנען צו זיך אויף אַ פאַרהער...

פילינגער (דערשראָקן): לאַנדויער?... (פּויזע. דער־נאָך צו האָפמאַנען) לאָזט מיך גיין פאַרהאַנדלען מיט אים!

האָפמאַן: וואָס עפּעס איר?

פילינגער: איך וועל פּרובירן געווינען צייט...

האָפמאַן: און דאַן וואָס?

פילינגער: איך האָב געקראָגן פאַר זיך אַ פראַנצויזישן פּאַספּאָרט...

קלאַראַ (פארוואונדערט): ווי אַזוי?

פילינגער: איך בין געבוירן געוואָרן אין לאָטאַרינגען, און לאָטאַרינגען באַלאַנגט איצט צו פראַנקרייך.

קלאַראַ: איך פאַרשטיי.

פילינגער: איך האָב אויך געקראָגן אַן אָפיציעלן אַמט אין דער פראַנצויזישער געזאַנדשאַפט...

האָפמאַן: אָ, צוליב דעם זיינט איר דאָס געפאָרן קיין פּאַריז?

פילינגער: יאָ. (דאַן אַפּעלירט ער ווידער צו האָפ־מאַנען:) לאָזט מיך פאַרהאַנדלען מיטן פראָפעסאָר לאַנדויער! איך וועל פּרובירן געווינען צייט און דערווייל וועל איך זען ווי אַזוי צו ראַטעווען אייך, אַז איר זאָלט קענען אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

יאָהאַנאַ (קומט אריין): הער האָפמאַן, מר. הענדערסאָן איז דאָ און ער פרעגט צי ער קען אייך זען.

האָפמאַן: הענדערסאָן? ער איז דאָ ווידער? נו, זאָל ער אַריינקומען.

(יאָהאַנאַ אָפּ.)

קלאַראַ (מיט אַן אַפּעלירנדיקן טאָן, רעדט שנעל צו גע־ווינען צייט): באַטראַכט נאָר, לאַזאַר, אַז דו האָסט קיינשום שאַנסן ניט דאָ עטוואָס צו געווינען... דאָ קענסטו בלויז פאַר־לירן... דאָ ביזטו אויסגעשטעלט צום געוויסן פון אַ צעווילדע־וועטן המון, אָנגעפירט פון נאָך מער צעווילדעוועטע מאַניאַקן... אָבער אין אויסלאַנד— לאַזאַר, איך בעט דיך!...

האָפמאַן (קעמפט קעגן זיך אַליין): קלאַראַ, איך בעט ד י ך!... מאַך ניט מיין געמיט נאָך שווערער איידער ער איז!...

(הענדערסאָן קומט אריין. ער איז דער דייטשער פאַר־טרעטער פון אַן אַמעריקאַנער ניים־אַגענטור. ער איז אַ

מיטליאָריקער מאַן, איז געשעפטסמעסיק, לאַקאָניש און זאַכלעך אין זיין ריידן און האַנדלונגען.)

האָפּמאַן (דערזעט אים, רייסט ער איבער זיין ריידן):

מר. הענדערסאָן — (מיט אַ פּלוצלעכן אָנקום פון אַנטשלאָסנהייט ווערט ער צו קלאַראַן ווי ברוטאַל) ניין, קיינמאָל ניט! . . . (ער גייט באַגעגענען הענדערסאָנען) גוט־מאָרגן, מר. הענדער־סאָן!

הענדערסאָן: גוט מאָרגן! (ער קוקט זיך אַרום און זעט די געזעלשאַפט) איך בעט אַנטשולדיקונג, איר זיינט פאַרנומען?

האָפּמאַן: ס'מאַכט ניט אויס. קומט אַריין. איר זיינט דאָך באַקאַנט?

הענדערסאָן: יאָ. גוט־מאָרגן, פריילין פאָן ווירטענ־בערג! און אייך, הער פילינגער, פרייט מיר צו זען צוריק אין בערלין.

(ער דערלאַנגט פילינגערן זיין האַנט, אויף וואָס דער לעצטער ענטפערט ניט גערן.)

(האָפּמאַן זעצט זיך ביי זיין טיש און ציינגט הענדערסאָנען אויף אַ שטול לעבן זיך. פילינגער און קלאַראַ זעצן זיך אָן אַ זייט אויף דער זאָפע.)

הענדערסאָן: איך וויל ניט פאַרנעמען צופיל פון אייער צייט. איך וויל ביי אייך פרעגן אַ פאָר פראַגן.

האָפּמאַן: פינף מינוטן? אַנטשולדיקט, ווייל איך איל זיך אַוועקצוגיין.

הענדערסאָן: פינף מינוטן זיינען איבערגענוג.

האָפּמאַן: בין איך צופרידן.

הענדערסאָן: האָט די וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיע אָנ־גענומען אייער רעזיגנאַציע?

האָפּמאַן: נאָך ניט. איך האָב אָבער געקראָגן אַ באַפעל צו קומען זען זיך מיט דעם פּראָפעסאָר לאַנדויער און איך דער־וואַרט, אַז ער וועט מיט מיר וועגן דעם ריידן.

הענדערסאָן (מיטן אויסדרוק, אַז ער באַגרייפט די לאַ־גע): פּראָפ. לאַנדויער—?

האָפּמאַן: יאָ.

הענדערסאָן: איך בין אינפאָרמירט, אַז איר האָט אייער רעזיגנאַציע אַריינגעשיקט אַלס פּראָטעסט קעגן די אידישע פאַרפאָלגונגען דאָ אין לאַנד. איז עס ריכטיק?

האָפּמאַן: די אידישע פאַרפאָלגונגען זיינען ניט אַן ענין פאַר זיך זעלבסט — זיי זיינען דער רעזולטאַט פון דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד . . . דער אַלגעמיינער צושטאַנד איז דער עיקר . . . איך קען בכלל ניט אַרבעטן אין אַן אַקאַדעמיע, וואָס איז געוואָרן ניט מער ווי אַ געצייג אין די הענט פון אַ רעגירונג, וועמענס מעשים און פּאָליטיקע זיינען מיר לחלוטין דערווידער.

הענדערסאָן: נו, אָט די מאָטיוון אייערע ווילט איר דאָך אודאי ניט, אַז זיי זאָלן פאַרעפנטלעכט ווערן . . .

האָפּמאַן: טוט ווי איר פארשטייט, וואָרים איך האָב אין מיין רעזיגנאַציע־בריוו פון דעם ניט געמאַכט קיין סוד.

הענדערסאָן (פאַרוואונדערט): יאָ . . . (און נאָך אַ קורצער פּויזע:) זינט נעכטן האָב איך באַטראַכט די פראַגע וועגן אייער דערפינדונג און מיר זיינען אייניקע זאַכן עטוואָס קשה. צו אייך, אַלס וויסנשאַפטסמאַן, קען זיך אויסווייזן, אַז אייער דערפינדונג איז ניט מער ווי אַ שריט פאָרויס אויפן ריינעם וויסנשאַפטלעכן געביט. דערמיט זיינען אָבער פאַרבונדן אויך אַנדערע אומשטענדן . . .

האָפּמאַן: דהיינו?

הענדערסאָן: אייער דערפינדונג איז אין איר עצם געוויס קאָנסטרוקטיוו. אָבער די זעלבע ענערגיע, וואָס קען בויען, קען דאָך אין דער זעלבער צייט אויך חרוב מאַכן . . .

האָפּמאַן: ריכטיק. פון אַ סטאַנציע, לאָמיר זאָגן, אין בערלין קען מען חרוב מאַכן לאָנדאָן אָדער פאַריז אין משך פון עטלעכע שטונדן.

הענדערסאָן: און אונטער די איצטיקע אומשטענדן פון אינטערנאַציאָנאַלע שטרייטן און אינטערנאַציאָנאַלער קאָנקורענץ קען דאָך דאָס הייסן, אַז דאָס דאָזיקע לאַנד, וואָס וועט

אַריינקריגן אייער דערפינדונג, וועט קריגן איר מיליטערישע איבערהאַנט איבער אַלע אַנדערע לענדער.

האָפמאַן: ס'קען מעגלעך זיין.

הענדערסאָן: דאָס קען פירן צו אינטערנאַציאָנאַלע קאָמפּליקאַציעס . . .

האָפמאַן: איך בין צופרידן, וואָס איר באַגרייפט די לאַגע אין דעם ריכטיקן זין.

הענדערסאָן: האָט איר צוגעטראַכט אַ מיטל ווי אויסצומיידן אַ מעגלעכע קאַטאַסטראָפע? איך פרעג אייך די פראַגע, ווייל מיר איז באַקענט, אַז איר זיינט איינער פון די שאַרפסטע קעגנער פון מלחמה.

האָפמאַן: אין מיין ווענדונג צו דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע האָב איך אָנגעגעבן געוויסע באַדינגונגען, און ווען זיי וועלן אָנגענומען ווערן, וועלן קיין קאַטאַסטראָפעס ניט מעגלעך זיין.

(ער דערלאַנגט אים אַ מאַנוסקריפּט)

אָט דאָס איז אַ קאָפּיע פון מיין קאָמוניקאַציע צו דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע און די באַדינגונגען זיינען דאָ אָנגעגעבן. ווי איר זעט זאָג איך דאָ, אַז די דערפינדונג קען איך ניט ניט איבערגעבן צו איין לאַנד, נאָר צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע. אונטער איר אויפזיכט זאָל זי געפינען זיך. איך שטעל אויך אַ פאָדערונג, אַז דער דייטשער רייך מוז איבערגעבויט ווערן אויף דעמאָקראַטישע יסודות — ווי ער איז ביז איצט געווען.

(פּויזע. הענדערסאָן לייענט דעם מאַנוסקריפּט. פּילינגער שפּאַצירט אומרואיק איבערן צימער.)

הענדערסאָן (דערלאַנגט צוריק דעם מאַנוסקריפּט צו האָפמאַנען): דענקט איר, אַז די דייטשע רעגירונג וועט אייערע באַדינגונגען אָננעמען?

האָפמאַן: איך ווייס ניט.

הענדערסאָן: און ווען זי וועט זיי צוריקווייזן, וועט איר אייער דערפינדונג פאָרשלאָגן צו אַן אַנדער מלוכה?

האָפמאַן: אונטער די זעלבע באַדינגונגען איז מיין דער־פינדונג פריי פאַר דער גאַנצער וועלט.

הענדערסאָן: מעג איך עס פאַרעפנטלעכן?

האָפמאַן: יאָ.

הענדערסאָן: קענט איר מיר אפשר אויך געבן אַן אויטאָריזירטע קאָפּיע פון אָט די באַדינגונגען?

האָפמאַן: יאָ. אָט האָט איר זי. (דערלאַנגט אים אַ מאַ־נוסקריפּט) און דאָס קענט איר אויך פאַרעפנטלעכן דורך אייער אַגענטור. דאָס זיינען פינף אַרטיקלען וואו דער תמצית פון מיין דערפינדונג ווערט אויפגעקלערט.

הענדערסאָן: איך דאַנק אייך זייער, הער האָפמאַן. (שטייט אויף).

האָפמאַן (שטייט אויך אויף): און מאָרגן אין דער זעל־בער צייט וועל איך אייך קענען איבערגעבן דעם רעזולטאַט פון מיינע פאַרהאַנדלונגען מיטן פראָפ. לאַנדויער.

הענדערסאָן: אַ שיינעם דאַנק אייך. איך וועל מאָרגן מיט פאַרגעניגן אַריבערקומען צו אייך.

(ער געזעגנט זיך און גייט אַרויס.

האָפמאַן זעצט זיך צוריק ביי זיין טיש, שפּאַרט אָן זיין קאָפּ אויף די דלאָניעס פון זיינע הענט און קוקט פרעגנ־דיק אויף פילינגערן. ער זעט דעם אויסדרוק פון אומרו אין זיינע אויגן. דורכדעם ווערט ער ביי זיך אַראָפּגע־פאַלן. ער וואַרט אָבער, אַז פילינגער זאָל דער ערשטער אָנפאַנגען ריידן. און פילינגער פאַנגט טאַקע אָן:)

פילינגער: וועט איר לאָזן מיך גיין צו לאַנדויערן אָנ־שטאָט אייך?

האָפמאַן: ניין, פילינגער.

פילינגער: איר זיינט אַנטשלאָסן צו באַגיין זעלבסט־מאָרד?

האָפמאַן: ניין, און דערפאַר טאַקע האָב איך אָט דעם אינטערוויו געגעבן צו הענדערסאָנען. ווען דער אינטערוויו

וועט פאַרעפנטלעכט ווערן, וועט די היגע רעגירונג ניט וואַגן — קענען אויסלאַנד — מיר שלעכטס צו טאָן . . .

פילינגער (קנייטשט מיט די פּלייצעס) : ווי איר פאַרשטייט . . . (און ווי ער וואָלט כאָטש עטוואָס געוואָלט ראַטעווען גיט ער צו : ) מען מוז באַהאַלטן אויף אַ זיכערן אָרט אַלע אייערע וויכטיקע פּאַפּירן. איבערהויפּט די וואָס האָבן אַ שייכות צו דער דערפינדונג.

(פּויזע, און פילינגער פאַנגט ווידער אָן : )

איך וועל פּרובירן שאַפן פאַר אייך די מעגלעכקייט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. איך האָב אָבער מורא, אַז נאָך אייער זען זיך היינט מיט לאַנדויערן וועט עס זייער שווער זיין. (טרויעריק) אויב איר וועט אַרעסטירט ווערן דאָרט אין דער אַקאַדעמיע . . . נו, דאַן ——

האָפמאַן : דאַן ? —

פילינגער : נו, דאָס איז שוין אַ קאָמפּליצירטער ענין. אָבער איך וועל אייך דערקלערן : ניט לייכט וואָלט מיר אָנגעקומען צוריקצוקערן זיך קיין דייטשלאַנד. אפילו ווען איך בין באַשטימט געוואָרן אויף אַן אַמט אין דער פראַנצויזישער געזאַנדשאַפט, האָט די דייטשע מאַכט מיך ניט געוואָלט אַהער אַריינלאָזן. אָבער נעכטן אינדערפרי האָט מיך אין פּאַריז באַזוכט איינער אַ מר. דייוויס. ער איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער פינאַנציר און אינדוסטריאַליסט. איז אייך זיין נאָמען באַקענט ?

האָפמאַן : יאָ.

קלאַראַ : איך קען אים פּערזענלעך. ער איז אַן אָפטער באַזוכער אין מיין פאָטערס הויז.

פילינגער : דייוויס איז אַן איינפלוסרייכער מענטש און ער האָט אַ היפּשן איינפלוס אין רעגירונגס קרייזן פון פילע לענדער און איבערהויפּט אין דייטשלאַנד . . . הענדערסאָן, אָט דער זעלביקער הענדערסאָן, וואָס איר דענקט, אַז ער וועט פאַר אייך שאַפן אַ שטימונג אין אויסלאַנד, — ער איז דער קאָרעספּאָנדענט פון אַ נייס־אַגענטור, פון וועלכער דייוויס איז

דער הויפט . . . איצט זעט איר שוין פון וואַנען דייוויס האָט זיך דערוואוסט פון דער דערפינדונג . . .

האָפמאַן: יאָ . . .

פילינגער: מיר האָט מען אַנטזאָגט אַ דערלויבניש צוריקצוקערן זיך קיין דייטשלאַנד — כאָטש איך בין אַ שליח פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, און דייוויס — נעכטן אינ־דערפרי האָב איך אים באַגעגנט אויך היינט — בין איך שוין דאָ ביי אייך . . .

האָפמאַן: דערציילט אָבער וועגן זיין שייכות צו דער דערפינדונג.

פילינגער: האָפמאַן! איך בין אין פראַנקרייך זייער אומרואיק געווען. אומרואיק פאַר אייך. איך האָב זיך אַהער געריסן מיט אַלע כוחות — צו זיין לעבן אייך. צו ראַטעווען אייך . . .

האָפמאַן (גערירט): אַ דאַנק, פילינגער!

פילינגער: דורך אָט דעם דייוויס איז דאָ אַ מעגלעכ־קייט פאַר אייך צו ראַטעווען זיך. ער איז זייער פאַראינטע־רעסירט אין דער דערפינדונג. מיט זיין הילף וועט איר קענען אַרויסרייסן זיך פון דאַנען . . . קיין אויסלאַנד!

האָפמאַן: און וואָס איז דער פרייז, וואָס ער וועט דערפאַר וועלן? . . .

פילינגער: איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער איז פאַר־אינטערעסירט אין דער דערפינדונג . . .

האָפמאַן (קוקט אים אָן פאַרוואונדערט): איבערגעבן די דערפינדונג צו אַן אינדוסטריאַליסט פאַר פריוואַטער עקס־פלואַטאַציע? . . . ווי פאַלט עס אייך איין?

פילינגער: דאָס פאַלט מיר ניט איין, האָפמאַן! מיר פאַלט אָבער יאָ איין אייך צו ראַטעווען!

האָפמאַן: אָבער שטעלט זיך נאָר פאָר דעם פרייז!

פילינגער: אַז איר וועט מ י ך לאָזן פאַרהאַנדלען, וועל איך מאַכן אַזעלכע באַדינגונגען, אַז סיי די דערפינדונג

וועט ניט אַרויס פון אונטער אייער קאָנטראָל און סיי איר וועט געראַטעוועט ווערן. אָט ווילט איר דאָך, אונטער געוויסע תנאים, געבן די דערפינדונג צו דער דייטשער מאַכט . . .

האָפמאַן: פאַרגעסט ניט, אַז דערמיט וועל איך ראַטעווען כמעט די גאַנצע וועלט און דאָ האַנדלט זיך בלויז וועגן מיין פּערזאָן . . . (קוקט אויפן זייגער) איך מוז שוין גיין.

קלאַראַ (דערשראָקן): צו לאַנדויערן? . . .

האָפמאַן: יאָ.

(קלאַראַ זינקט איין. האָפמאַן ווערט גערירט)

איך קען ניט צוריקטרעטן!

(און ער קומט צו צו איר)

מוטיק, קלאַראַ! (קושט זי) צום ווידערזען!

(זי וויל ענטפערן אים און קען ניט. שטייט ער אַ ווײַלע איבער איר און דערנאָך לאָזט ער זיך לאַנגזאַם גיין צום אַרויסגאַנג.)

פּילינגער (באַגלייט אים): האָפמאַן, איך וועל אייך באַגלייטן, וועלן מיר אויפן וועג נאָך קענען שמועסן וועגן דעם —

פורהאַנג



# בילד זיבן

באַלד נאָך דעם פֿאָריקן בילד.
אַ צימער אין דער דײַטשער װיסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע.
פּראָפֿ. לאַנדױער זיצט בײַ אײן זײַט טיש און האָפֿמאַן אַנטקעגן אים.

לאַנדױער: מיר האָבן נעכטן דערהאַלטן אײַער בריװ, װאו איר דריקט זיך אױס, אַז, איבער די נײַע פֿאַרהעלטנישן אין לאַנד, װאָס האָבן רײנע װיסנשאַפֿט אַװעקגעשטעלט אין דינסט פֿון ענג־פּאַרטײיִשע סאָציאַל־פּאָליטישע אַבסורדן און שעדלעך אומװיסנשאַפֿטלעכע טעאָריעס, — װילט איר צוריק־ציִען אײַער מיטגלידערשאַפֿט פֿון דער אַקאַדעמיע.

האָפֿמאַן: יאָ . . .

לאַנדױער: גלײַכצײַטיק האָבן מיר פֿון אײַך דערהאַלטן אַ מיטטײלונג װעגן אײַערער אַ דערפֿינדונג, װאָס, װי איר דריקט זיך אױס, קען האָבן אַ גרױסן װערט פֿאַרן װאױלזײַן פֿונם לאַנד.

האָפֿמאַן: יאָ.

לאַנדױער: איר שרײַבט, אַז איר האָט בדעה איבערצו־געבן אײַער דערפֿינדונג צו דער װיסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע פֿאַר דעם נוצן פֿונם דײַטשן רײַך.

האָפֿמאַן: געװיס. מײַן גאַנצע אַרבעט איז דאָך לכּ־תּחילה געװידמעט געװען צו דײַטשלאַנד.

לאַנדױער: אַזױ שרײַבט איר טאַקע אין אײַער בריװ.
(נעמט פֿון אַ שופֿלאַד פֿון זײַן טיש אַרױס אַ בריװ) איר שרײַבט:

(ער לייענט) „דייטשלאַנד איז פאַר מיר געווען דאָס הערלעכ־סטע ליכט, וואָס האָט געטריבן די פינצטערניש פון אַרום מיר. די גרויסע דייטשע קולטור! איר וויסנשאַפט! אַלע מיינע אַרבעטן, אַלע מיינע שאַפונגען, אַלע מיינע עקספּערימענטן האָבן געצויגן זייער יניקה פון מיין גרויסער באַגייסטערונג פאַר דייטשלאַנד, וועלכע איז דערצו נאָך אויך געוואָרן די פרייסטע רעפּובליק אויף דער וועלט און אַלע מיינע טרוימען זיינען דעריבער איר געווען געווידמעט". (ער פאַרמאַכט דעם בריוו) אָט די אויסגעשפּראָכענע סענטימענטן אייערע זיינען ווירקלעך לויבנסווערטיק. שפּעטער אָבער פאַנגט איר זיך אָן ווידערשפּרעכן אין אייער בריוו. איר פאַנגט אָן באַנוצן זיך מיט גאַנץ שאַרפע אויסדרוקן. איר שטעלט אַפילו אַזעלכע פאָדערונגען, וואָס קאָנען מאַכן דעם איינדרוק, אַז איר טרעט אַרויס קעגן אייער (איראָניש) „באַליבטן" לאַנד . . . ס'איז געפערלעך מיין פריינט! (דערלאַנגט אים דעם בריוו) אָט האָט איר אייער בריוו צוריק. קיינער אַחוץ מיר האָט אים נאָך ניט געזען און איר קענט אים צוריקציען.

האָפמאַן (שטעלט אים אָפּ מיט אַ באַוועגונג פון דער האַנט): איך דאַנק אייך זייער פאַר אייער פריינטלעכער אויפ־מערקזאַמקייט צו מיר, אָבער איך האָב דעם ענין גוט באַטראַכט איידער איך האָב אייך געשיקט דעם בריוו, און איך האָב ניט בדעה צוריקצוציען אים. (פּאַטעטיש) עס האָט מיר תמיד וויי געטאָן, וואָס דייטשלאַנד איז איינגעקלעמט געוואָרן צווישן בייזוויליקע מיליטעריש־מאַכטיקע שכנים, וואָס דערלאָזן ניט, אַז זי זאָל זיך אַנטוויקלען. האָב איך דעריבער געשאַפן מיין דערפינדונג. איך האָב געוואָלט איבערגעבן זי צו דער פרייער דייטשער רעפּובליק, אַז זי זאָל אַלס צוגאָב צו איר דערהויבענעם גייסט, אויך מאַכטיק ווערן און אַזוי אַרום ברענגען ברכה פאַר דער וועלט. ווי קען אָבער אַ הערשאַפט, וואָס האָט פרייהייט אונטערדריקט, ווערן פון פרייהייט די פאָנען־טרעגערין? ווי קען אַ הערשאַפט ברענגען ברכה צו דער וועלט, וויבאַלד זי האָט פון איר אייגענעם לאַנד די ברכה אָפּגעטאָן? . . . איך וועל מיין דערפינדונג איבערגעבן צום דייטשן פאָלק, אָבער בשום

אופן ניט צו די דאָזיקע, וועלכע האָבן דעגראַדירט סיי אים און סיי זיין פרייען גייסט!

לאַנדויער: דייטשלאַנד האָט פערצן יאָר נאָכאַנאַנד עקספּערימענטירט מיט דעם, וואָס איר רופט אָן, פ ר י י ע ר ג י י ס ט, און זעט אַליין צו וואָס דאָס האָט דערפירט: דייטשלאַנד האָט נאָכגעגעבן אַלע פאָדערונגען פון דער גאַנצער וועלט, זי האָט זיך דעמיליטאַריזירט, זי האָט זיך דעמאָקראַטיזירט און דאָס גלייכן, אָבער איר לוין איז דערפאַר געווען דאָס, וואָס מ'האָט זי צעריסן אויף שטיקער, וואָס מ'האָט ניט אויפגעהערט זויגן איר זאַפט . . . זאָל דייטשלאַנד פאָרטזעצן אירע עקספּערימענטן?

האָפמאַן: אָבער שטעלט זיך פאָר, הער פּראָפעסאָר, אַז דורך מיין דערפינדונג קען דאָך דייטשלאַנד צוריקקריגן איר וואוילזיין אַפילו אָן פאַרצווייפלטע שריט.

לאַנדויער: איר רופט עס אָן „פאַרצווייפלטער" שריט. פאַר מיר איז עס ניט אַזוי — ס'איז דער געזונטער שריט פון אַ פאָלק. דער געזינטסטער! אַ פאָלק דאַרף זיין אייניק! און מיר ז י י נ ע ן עס איצט! א י ר זיינט פאַרפירט פון פאַלשע אידייען — מיר אָבער זיינען אויפן וועג פון געזונטן לעבן. מיר ווילן דאָס דייטשע פאָלק געזונט מאַכן און — האַלטן אים געזונט! אָבער — ניט דאָס איז דאָך, וואָס מיר ווילן איצט דיסקוטירן. אייער דערפינדונג — עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ דערפינדער זאָל איבערטרייבן דעם ווערט פון זיין דערפינדונג. איך קען אָבער, לײדער, אייער באַגייסטערונג ניט מיטטיילן. אייער דערפינדונג, זאָגט איר, באַצוועקט איבערצובויען די אינדוסטריע פונם לאַנד. דאָס קען דאָך אָבער אין איין טאָג ניט געטאָן ווערן. עס וועלן דויערן יאָרן. נו, און אין דער צווישנצייט? ווי זאָל דייטשלאַנד דערווייל לעבן? און אַז די וועלט וועט זיך דערוויסן, אַז דייטשלאַנד בויט איבער איר אינדוסטריע אויף אַזאַ שטייגער, אַז זי וועט ניט קענען ביישטיין איר קאָנקורענץ — דענקט איר, אַז זי וועט עס צוקוקן און דאָס דערלאָזן? זי וועט דייטשלאַנד חרוב מאַכן נאָך איידער זי וועט זיך אויפבויען.

האָפמאַן: אַזוי וואָלט טאַקע געשען, ווען די דייטשע אינדוסטריע זאָל איבערגעבויט ווערן אין דעם גייסט אין וועלכן די איצטיקע נאַציאָנאַלע רעגירונג וויל אַריינטרייבן דאָס לאַנד — אין דעם גייסט פון פאַרניכטן אַלץ און אַלעמען צוליב דעם אייגענעם וואוילזיין. אַזאַ גייסט קען טאַקע קיין אַנדער זייט פון לעבן ניט זען ווי קאָנקורענץ. דער דאָזיקער גייסט, לויט מיין איבערצייגונג, איז אָבער ניט דער דייטשער פאָלקס־גייסט. אין דעם דייטשן פאָלקס־גייסט זע איך ניט דעם געפיל פון קאָנקורענץ, נאָר איך זע אין אים דעם געפיל פון ק אָ אָ פּ ע ־ ר אַ צ י ע! קאָאָפּעראַציע און פריינטלעכער צוזאַמענלעבן צווישן פעלקער. גיט דעם פאָלק זיין פרייהייט צוריק און קיי־נער וועט דייטשלאַנד ניט שטערן אין איר טעטיקייט פון קאָנ־סטרוקטיוון איבערבוי.

לאַנדויער: מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז אונדזערע שכנישע פעלקער טיילן ניט מיט אָט דעם גוטן ווילן, וואָס איר ווילט אין זיי זען.

האָפמאַן: אויב זיי האָבן עס ניט — קולטיווירט עס!

לאַנדויער: איר, אַלס יחיד, קענט זיך דערלויבן צו טרוימען און שפּעקולירן. אַ רעגירונג, וואָס איז פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר די טאָג־טעגלעכע נויטן פונם פאָלק, קען עס אָבער ניט טאָן. אָבער מיר וועלן זיך ווידער צוריקקערן צו דער פראַגע פון דער פּראַקטישקייט פון אייער דערפינדונג. איר פאַרשטייט דאָך, פּראָפ. האָפמאַן, אַז די ענערגיע, וואָס ווערט איצט גע־ברויכט, איז אַ פּאַקטישע זאַך און אַז מיט אייער נייער ענערגיע דאַרף מען ערשט שפּעקולירן. דאָס קענען מיר זיך איצט ניט דערלויבן. מיר וועלן מיט גרויס אַנערקענונג איבערנעמען אייער דערפינדונג — אַנטוויקלען וועלן מיר זי אָבער בלויז דאַן, ווען די אומשטענדן וועלן דאָס דערלויבן.

האָפמאַן: און דערווייל זאָל אַלץ גע־פירט ווערן אַזוי ווי דאָס איז? דערווייל זאָל זיך אַ הייפל דעמאַגאָגן איז־דיקעווען איבערן גאַנצן פאָלק און דראָען די גאַנצע וועלט מיט געפאַר? דערווייל זאָל איין טייל פון דער באַפעלקערונג גע־

רייצט ווערן אויפן צווייטן טייל און זאָל דיסקרימינירן, פאַרגוואַלדעווען, מאָרדן אומשולדיקע מענטשן בלויז דערפאַר, וואָס זיי פאַרמאָגן אַן אַנדער געוויסן, גלויבן, איבערצייגונג? און איר ווילט, אַז איך זאָל מסכים זיין צו אַזאַ אומרעכט און אים אַפילו שטיצן? . . .

לאַנדויער: איך בין מיט אייך ניט מסכים, דאָך וועל איך אַנערקענען, אַז אייערע סענטימענטן זיינען נאָבעלע, ווייל זיי שטאַמען פון אייערע טיפע איבערצייגונגען. אָבער, אַפילו אָנגענומען אייער שטאַנדפונקט, וועט איר דאָך אויך צוגעבן, אַז מיר לעבן איצט אין אַן איבערגאַנגס עפּאָכע און זי ברענגט, נאַטירלעך, אירע ווייען. מיר מוזן אָננעמען זיך מיט געדולד. דערפאַר טאַקע האָב איך אייך אַהער פאַרבעטן צו שמועסן וועגן דעם דאָזיקן ענין, און, אַלס קאָלעגע, ראַט איך אייך ניט צו זיין אַזוי אויסגעשפּראָכן. די נייע אָרדנונג איז און וועט בלייבן שטרענג צו די דאָזיקע, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן. ז י און בלויז ז י קען האָבן די דעה צו באַשליסן וועגן אייער דערפינדונג און ביז דאַן מוז עס געהאַלטן ווערן בסוד.

האָפמאַן: ווייבאַלד איך האָב דעם סוד אַרויסגעגעבן אין דייטשלאַנד, האָב איך ניט בדעה צו באַהאַלטן אים פון דער דרויסנדיקער וועלט. דער אמת איז, אַז די דרויסנדיקע וועלט איז וועגן דעם אינפאָרמירט געוואָרן גלייכצייטיק מיט דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע.

לאַנדויער (דערשטוינט): איר זיינט ערנסט, הער האָפמאַן?

האָפמאַן: איך האָב אויסגערעכנט, אַז דאָס איז דער איינציקער מיטל ווי אַזוי צו באַאיינפלוסן די היגע רעגירונג צו באַטראַכטן דעם ענין אין זיין פולן ערנסט.

לאַנדויער (נאָך אַ קורצער פויזע): איר זיינט זייער אומפאָרזיכטיק, פּראָפ. האָפמאַן. האָט איר גאָר ניט געטראַכט וועגן די פאָלגן פון אַזאַ האַנדלונג?

האָפמאַן: פאָלגן? . . . צו וועמען?

לאַנדויער: אַפילו צו אייער פּערזאָן . . . איך מוז אייך אויך דערקלערן, אַז אַזוי אויך זיינט איר שוין היפּש קאָמפּראָמענטירט דאָ אין לאַנד.

האָפמאַן: קאָמפּראָמענטירט — ?

לאַנדויער: אייערע אַנשויאונגען זיינען אין מורא'דיקן היפּוך צו דער אָנגענומענער אָרדנונג פונם לאַנד . . . ס'איז דער רעגירונג באַקאַנט . . .

האָפמאַן: נו, יאָ . . .

לאַנדויער: בכן, מיר וועלן עס מאַכן קורץ — ציט איר צוריק אייער רעזיגנאַציע פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע?

האָפמאַן: איך וועל עס ניט טאָן! און בכלל איז מיר קשה צוליב וואָס איר ווילט די צוריקציאונג אין דער צייט, ווען איר פּראָקלאַמירט מיך, אַלס אידן, פאַר דעם שעדלעכן און נידעריקן, און ווי אַ פּאָליטישן קעגנער — פאַר געפערלעך . . .

לאַנדויער: די פראגע פון אייער פּאָליטישער קעגנערשאַפט — נו, דאָס וועט זיך מיט דער צייט אויסקריסטאַליזירן. איר וועט מוזן איינזען די גערעכטיקייט אויף אונדזער צד . . . וואָס באַלאַנגט אייער אידישקייט — אויב דאָס דריקט אייך — קען איך אייך פאַרזיכערן, אַז די אַקאַדעמיע וועט זיך איינשטעלן פאַר דעם, אַז, אויף וויפיל די אומשטענדן וועלן דערלויבן, זאָל די לאַגע פאַרגרינגערט ווערן . . . אויף אַזויפיל, גלויב איך, קען איך אייך פאַרשפּראָכן ווערן.

האָפמאַן: אַהאַ! . . .

לאַנדויער: איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכן, פּראָפ. האָפמאַן, אַז ס'איז ניט אַ פראַגע פון רייד אַליין, נאָר אויך פון אויסרופן . . . אומפאָרזיכטיקייט פון אייער זייט קען אַפילו אומגינסטיק ווירקן אויף די דאָזיקע מענטשן, פאַר וועמען איר שטעלט זיך איין . . .

האָפמאַן: איר מיינט, אַז די אידן וועלן נאָך מער פאַרפאָלגט ווערן?

לאַנדויער: טייטשט עס אויס ווי איר פאַרשטייט.

האָפּמאַן (אויפגערעגט): און איר מיינט, אַז דאָס פאָלק וואָלט מיר דערלויבט צו באַגיין אַן אַלגעמיינעם פאַרראַט אַבי צו ראַטעווען זייער אייגענע הויט? . . .

לאַנדויער (גיפטיק): ז י י וועלן דאָס ניט טאָן? . . . אין די פילע צענדליקער טויזנטער דערהאַלטן מיר בריוו פון אידן, וואָס בענטשן פריינוויליק אונדזער מאַכט . . . זיי דער־קלערן נאַציזם פאַר עכטן דייטשנטום, דערקלערן זיך אַזש פאַר דייטשן איבער דייטשן אין גייסט, און זאָלן מיר זיי נאָר אָריינ־נעמען, וועלן זיי איבערגליקלעך זיין צו פאַרפלייצן אונדזערע רייען . . .

האָפּמאַן: די דאָזיקע זיינען קיין אידן ניט . . .

לאַנדויער: וואָס דען — דייטשן? . . .

האָפּמאַן: אויב אין דעם כלל פון דייטשן ווערן אַריינ־גענומען די אַלע בירגער פונם לאַנד, וואָס האָבן ערשט נעכטן אייך באַקעמפט און וואָס זיינען היינט, פּלוצים, איבערנאַכט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אייערע אולטראַ־אָנהענגער, — דאַן זיינען די דאָזיקע, וועמען איר רופט „אידן" אויך דייטשן . . .

לאַנדויער (מיט פאַרקלעמטע ציין): לייז . . .

האָפּמאַן (רואיק): איך בין מיט אייך מסכים . . .

לאַנדויער (פאַרוואונדערט): מסכים אין וואָס?

האָפּמאַן: אַז זיי זיינען קיין אידן ניט.

לאַנדויער: דייטשן?

האָפּמאַן: ניין, לייז . . .

לאַנדויער: ווער דען זיינען אידן?

האָפּמאַן: די דאָזיקע, וואָס שטייען אויס יסורים פאַר דער אידייע — לאָזן זיך דעם קערפּער פאַרצערן — פאַרצערן אָבער די אידייע ניט. (באַגייסטערט) אידישע לומדים האָבן אַלעמאָל ליב געהאַט ווערטער־שפּיל — פאָלג איך זיי נאָך און איך זאָג אייך: רופט עס ניט י ו ד ע, רופט עס א י ד י י ע!

לאַנדויער: וואָס און וועמען ווילט איר מיט אָט די פראַזן רעכטפאַרטיקן?

האָפמאַן: איך זוך קיין רעכטפאַרטיקונג ניט, נאָר איך זע דעם גרויסן זין פון ליידן. איר פּרעטענדירט, אַז מיר זיינען לייז און דערפאַר ווילט איר אונדז אויסראָטן — מאַך איך דעם ענין קלאָר, אַז מיר זיינען דער געוויסן פון דער פאָרגעשריטענער וועלט, מיר זיינען דאָס ליכט פון דער צוקונפט און דער קאַמף, וואָס ווערט קעגן אונדז געפירט איז די פאַרצווייפלונג פון פינצטערניש, וואָס ווערט גערדראָעט מיט עלימינירונג דורך אונדזערע שטראַלן, וואָס רייסן זיך אין איר אַריין . . .

(לאַנדויער פאַרקלעמט די ציין. אַ שווערע פויזע דורך וועלכער ער שטרענגט זיך אָן צו באַהערשן זיך. ס'גיט זיך אים אויך איין און ער פאַרענדיקט דעם אינטערוויו אוי־סערלעך קיל און געלאַסן.)

לאַנדויער: איך וועל איצט ניט אַריין מיט אייך אין קיין טעאָרעטישע וויכוחים. זיכער ניט אין פראַזעאָלאָגיע. איך האָב אייך אַהער פאַרבעטן בלויז אַלס קאָלעגע און בלויז אום אייך צו וואָרענען קעגן אומאיבערלייגטע שריט.

האָפמאַן (קאַלט) איך דאַנק אייך זייער, הער פּראָפעסאָר, אָבער איך בעט אייך איבערצוגעבן דער אַקאַדעמיע סיי מיין רעזיגנאַציע און סיי די מיטטיילונג וועגן מיין דערפינדונג.

לאַנדויער (שטייט אויף): דאַן, גלויב איך, אַז עס וועט קיין נוצן ניט ברענגען, אַז מיר זאָלן ווייטער פאַרהאַנדלען.

האָפמאַן: ס'איז אויך מיין מיינונג. (שטייט אויך אויף) אַדיע, הער פּראָפעסאָר.

(און ער גייט אַרויס).

לאַנדויער (ווען ער בלייבט אַליין, קלינגט ער אָן און עס קומען אַריין קערקהאָפער און שוואַנבערג): איר האָט געזען דעם מאַן, וואָס איז פון דאַנען אַרויס.

קערקהאָפער: יאָ.

לאַנדויער: קאָנט איר אים?

קערקהאָפער: יאָ.

לאַנדויער: ער זאָל נאָכגעפאָרשט ווערן. ער טאָר ניט

אָפּגעלאָזט ווערן פון אויג. ער און אַלע מיט ווענען ער וועט פאַרקערן.

שוואַנבערג: איך האָב געמיינט אַז ער זאָל גלייך אַרעס־טירט ווערן.

לאַנדויער: דערווייל ניט. טוט וואָס מען הייסט אייך און וואַרט אויף ווייטערדיקע אינסטרוקציעס. איר קענט גיין.

(זיי פאַרנויגן זיך און גייען אַרויס.)

פּוירהאַנג



# בילד אַכט

אין אַ שטובנדע אַרום אין האָפמאַנס אַרבעטס־צימער.

האָפמאַן זיצט ביי זיין טיש און פילינגער אַנטקעגן אים.

האָפמאַן (ענדיקט דערציילן): און איצט זאָגט, פילינגער, אַז איר האָט פריער געוואוסט, אַז אַזוי וועט זיך ענדיקן. אָבער איך בין אויך ניט געגאַרט געווען. אַנדערש האַנדלען האָב איך אָבער ניט געקענט . . . מיר איז אַ חידוש, וואָס איך בין דאָרט אויפן פּלאַץ ניט אַרעסטירט געוואָרן.

פילינגער: זיי דאַרפן זיך ניט איילן. זיי ווייסן, אַז איר זיינט אַלץ איינס אין זייערע הענט. וואַרשיינלעך האָבן זיי זיך אָפּגעהאַלטן צו אַרעסטירן אייך, ווייל איר האָט לאַנדוויערן דערציילט, אַז איר האָט געמאָלדן וועגן אייער דערפינדונג אין אויסלאַנד און זיי דאַרפן אויסאַרבעטן אַ נייעם פּלאַן ווי צו האַנדלען קעגן אייך. מיט די שטימונגען פון אויסלענדישע לענדער רעכענען זיי זיך נאָך אַביסל . . .

האָפמאַן: דענקט איר אַזוי?

פילינגער: איך בין אין דעם איבערצייגט. אויך וועלן זיי האַנדלען שנעל. איר דאַרפט זיך ריכטן אויף אַ הויז־אונטערזוכונג און אַן אַרעסט.

האָפמאַן (זינקט איין): יאָ . . . (און דערנאָך, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט:) איך האָב אָבער אַנדערש ניט געקענט, פילינגער . . .

פילינגער (גערירט): אפשר טאַקע ניט . . . אַזאַ זיינט

איר, האָפּמאַן, און אַנדערש קענט איר געווים ניט זיין . . .
(און נאָך אַ פּויזע) און ווען איר וואָלט אַן אַנדערער געווען און ווען איר וואָלט אַנדערש געקענט האַנדלען, וואָלט איך אפשר אייך ניט געקענט נאָכפאָלגן . . . (זיי קוקן זיך אָן פריינטלעך און מיט פאַרשטענדעניש) אָבער, האָפּמאַן, איצט וועל א י ך שוין מוזן האַנדלען . . . זייט אַזוי גוט און לאָזט מיך דאָ איבער אַליין, וואָרים באַלד וועט דייוויס דאָ זיין. מיט אים וועל איך אַליין פאַרהאַנדלען! . . .

האָפּמאַן (שטייט אויף, דערלאַנגט פילינגערן זיין האַנט) אַ דאַנק פילינגער! (און דאַן) וואו איז קלאַרע?

פילינגער (מיט אַ באַוועגונג מיטן קאָפּ אין דער ריכטונג רעכטס): מיט אייער מוטער.

האָפּמאַן: וועל איך אויך גיין אַהין.
(ער גייט אַרויס.
פילינגער קוקט אים נאָך, שטייט אַ ווײַלע פאַרטראַכט און פאַנגט אָן שפּאַצירן איבערן צימער.
אין טיר באַווייזט זיך יאָהאַנאַ. זי קוקט אַ ווײַלע אויף פילינגערן און דערנאָך קומט זי לאַנגזאַם אַריין אין צימער, זעצט זיך אויף אַ שטול און וויינט.)

פילינגער (קוקט אויף איר פאַרוואונדערט): פאַרוואָס וויינט איר, יאָהאַנאַ?

יאָהאַנאַ: אָ, הער פילינגער, איך קען דאָס שוין מער ניט פאַרטראָגן.

פילינגער: איר האָט מורא? . . .

יאָהאַנאַ: מורא? ניין. דאָס איז אַזוי ווי פריילין ווירטענבערג זאָגט, אַז פאַר זיך האָב איך ניט וואָס מורא צו האָבן. וואָרים וואָס קענען זיי מיר טאָן? אַז זיי זאָלן וועלן עפּעס טאָן צו אַזעלכע ווי איך, וועלן זיי דאָך מוזן האַלב דייטשלאַנד אומברענגען . . . עס גייט מיר אָבער אוים דאָס האַרץ אויף הער האָפּמאַנען און אויף פריילין פאָן ווירטענבערג. זאָלן זיך די נאַצים נאָר דערוויסן וועגן זיי . . . די נאַצים האָבן דאָך אַזוי געמאַכט, אַז אַ דייטש מיט אַ אידן טאָרן ניט חתונה האָבן . . .

אוי, וואָס פאַר אַ גרויל זיי קענען נאָך אָפּטאָן, ווען זיי דער־וויסן זיך! און די פרוי האָפּמאַן . . . זי וויים אַלץ. זי קען דאָך ניט ריידן, אָבער, אַז איך טו אַ קוק אויף איר, זע איך אַז זי וויים אַלץ . . . אַ גליק נאָך, וואָס באַרוך איז דאָ. ער איז פאַר איר ווי אַן אייגן קינד, און אַז ער שפּילט פאַר איר אויפן פליים, איז זי זיך מחיה . . . (זי ווישט זיך ווידער די אויגן) הער פּילינ־גער, דענקט איר אַז די שטורם־לייט קענען זיך ביינאַכט אַהער אויך אַריינרייסן און צונעמען הער האָפּמאַנען? אָט האָבן זיי זיך נעכטן אַריינגעריסן צו הער פרידלענדער אין הויז, אויף פראַנקפורטשטראַסע, און אים דערמאָרדעט. מען האָט זיין קערפּער דערנאָך געפונען לעבן דעם אידישן בית עולם. דענקט איר, אַז זיי קענען דאָס זעלבע אויך דאָ טאָן?

פּילינגער: מיר זיינען זייערע פּלענער ניט באַקענט.

יאָהאַנאַ: מיין גאָט! ווי איז עס מעגלעך? — איך קוק אויף פרוי האָפּמאַן און איך טראַכט זיך —

פּילינגער (אונטערברעכט זי): יאָהאַנאַ, איר ווייסט דאָך וואו פריילין פאָן ווירטענבערג וואוינט.

יאָהאַנאַ (פאַרוואונדערט): יאָ.

פּילינגער: טאָ הערט! טאָמער וועט דאָ עטוואָס געשען בעת פריילין פאָן ווירטענבערג וועט דאָ ניט זיין, זאָלט איר גלייך גיין צו איר און איר אָנזאָגן.

יאָהאַנאַ (דערשראָקן): וואָס קען דאָ געשען? . . . איר מיינט טאַקע די שטורם־לייט? . . .

פּילינגער: די שטורם־לייט אָדער די פּאָליציי . . .

יאָהאַנאַ: און ניט צו אייך, הער פּילינגער?

פּילינגער: צוערשט זאָלט איר גיין צו איר — ווייל זי וואוינט נעענטער פון דאַנען, און אַז איר וועט זי ניט טרעפן אין דער היים, זאָלט איר קומען צו מיר.

יאָהאַנאַ: איך פאַרשטיי. איך האָב אויך אַזוי גע־טראַכט, —

(מען קלינגט אין טיר.)

פילינגער: עפּענט די טיר און זאָגט פרײלין פאָן װירטענבערג, אַז איך האָב זי געבעטן אַריבערצוקומען אַהער.

(יאָהאַנאַ עפּנט די טיר און לאָזט אַרײן מר. הענרי דײװיס, װעלכער איז זײער ענלעך צום פּאַרװאַלטער אין פאָרשפּיל. פּילינגער גײט אים באַגעגענען און זײ גריסן זיך װי אַלטע באַקאַנטע.)

דײװיס (קוקט זיך אַרום): נו, באַגעגענען מיר זיך, הײסט עס, אין דעם הױז פון אײער גרױסן דערפינדער. (קענטיק, אַז דער צימער איז ניט לויט זײן גוסט) ביים ערשטן אויגנבליק זעט מען, אַז דאָ לעבט אַ מענטש פון װיסנשאַפט. (שמעקט די לופט) שימל פון ביכער . . . פון קינדװײז אָן האָב איך אַ װידער־געפיל צו אָט דעם גערוך . . . איר, אין אײראָפּע, װען איר זײנט פאַרטיפט אין אײן ענין, איז די גאַנצע איבעריקע װעלט פאַר אײך אױסגעשלאָסן. פּרואװט אָקאָרשט רעדן מיט אַן אײראָ־פּעאישן װיסנשאַפטסמאַן װעגן זאַכן, װאָס זײ קומען ניט אַרײן אין זײן פאַך, איז ער אַזױ נאַאיװ, אַזש ס'איז ממש לעכערלעך.

(זײ זעצן זיך, דײװיס אױפן זאָפע און פּילינגער אױף אַ שטול אַנטקעגן אים.
קלאַראַ קומט אַרײן.)

פּילינגער (שטעלט פאָר): מר. דײװיס — פרײלין פאָן װירטענבערג.

דײװיס (פאַרװאונדערט): פרײלין פאָן װירטענבערג? זײנט איר ניט די טאָכטער פון גענעראַל אָטאָ פאָן װירטענבערג?

קלאַראַ: יאָ.

דײװיס: אָ! . . . דוכט זיך, אַז איך האָב אײך אַמאָל גע־טראָפן אין אײער פאָטערס הױז.

קלאַראַ: מיט אַ פּאָר יאָר צוריק.

דײװיס: איך געדענק. (באַטראַכט זי מיט גרױס נײגע־ריקײט) עפּעס זעט איר איצט אױס גאַנץ אַנדערש.

קלאַראַ: פילײכט. אין צװײ יאָר ענדערן זיך מענטשן.

דײװיס: איך האָב זײער פיל געהערט װעגן אײך . . . איבערהױפּט פון אײער מוטער . . . אײער פאָטער מײדט אױס

צו רעדן וועגן אייך . . . (און נאָך אַ פויזע) אייער פּאָטער איז איינער פון די פיינסטע נאָבללייט פון דייטשלאַנד. אַ מענטש, אין וועמען עס זיינען פאַרקערפּערט די ריטערלעכע טראַדיציעס פון זיין לאַנד. (און דאַן מיט אַ זשעסט פון פלירט) אָ, איר זיינט דאָך דאָס די באַרימטע רעוואָלוציאָנערקע פון אַדעליקן שטאַם!

קלאַראַ (אויך מיט אַ לייכטן טאָן): מערקווירדיק, ווי מיין געשיכטע איז אייך אַזוי גענוי באַקענט.

דייוויס: אייער פּאָטער איז איינער פון מיינע בעסטע פריינט. איך האָב פאַר אים גרויס דרך ארץ. ער באַזיצט זעלטענע מיליטערישע פעיקייטן. עס איז בלי שום ספק, אַז ער וועט איצט קריגן אַ וויכטיקן מיליטערישן פּאָסטן. מעגלעך, אַז ער וועט זאָגאַר אַריינגענומען ווערן אין קריגס מיניסטעריום. (דאַן אויף זיין געוויינלעכן אומהעפלעכן שטייגער) ווי קומט עס, וואָס איך טרעף אייך דאָ, פריילין פאָן ווירטענבערג?

קלאַראַ: איך בין הער האָפמאַנס סעקרעטאַר.

דייוויס (מיט מיטלייד): אָ! . . . (און דאַן ווידער גראָב) אַ שאָד, אייער פּאָטער וואָלט נויטיק באַדאַרפט פאַרמאָגן מיטלען צו קענען לעבן לויט זיין יחוס . . . (אַן אומאַנגענעמע פּאָזע, וועלכע דייוויס באַמערקט אָבער ניט און ער בייט פלוצים איבער די טעמע פונם געשפּרעך:) אַ מערקווירדיקע זאַך, הער פילינגער — איר האָט מיר, דוכט זיך, געזאָגט, אַז די דאָזיקע דערפינדונג אייערע ווערט געהאַלטן בסוד, און היינט אינדערפרי האָב איך דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון דער נויאָרקער אָפּטיילונג פון מיין פירמע, אַז די נייס אַגענטורן דאָרט האָבן געקראָגן ידיעות וועגן איר און זיי האָבן דאָרט אַלע איינצלהייטן. ווייסט איר פון וואַנען דאָס שטאַמט?

פילינגער: איך גלויב, אַז איך האָב אַן אַנונג. דוכט מיר, אַז אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט האָט די טעג געהאַט אַן אינטערוויו מיט הער האָפמאַנען און, וואַרשיינלעך, האָט אים הער האָפמאַן וועגן דעם דערציילט.

דייוויס: ווירקלעך? איך מוז זאָגן, אַז ס׳איז זייער אומפאָרזיכטיק פון הער האָפמאַנען. ס׳איז זייער אומגעשעפטס-

מעסיק. אַזעלכע זאַכן טאָרן ניט אַרויסגעגעבן ווערן אין דער עפנטלעכקייט. ס'קען אַ סך שאַדן ברענגען. אין דער צוקונפט וועט דער הער האָפמאַן מוזן פאָרזיכטיקער זיין. ס'איז גוט וואָס דאָס מאָל האָב איך געקענט אָננעמען די נויטיקע מיטלען, אַז דער אינטערוויו זיינער זאָל ניט פאַרעפנטלעכט ווערן. איך האָב וועגן דעם טעלעגראַפירט קיין נויאָרק — . אַ צווייטן מאָל וועט אָבער הער האָפמאַן זעלבסט מוזן האַלטן בסוד זאַכן, וואָס טאָרן ניט פאַרעפנטלעכט ווערן.

(קלאַראַ און פילינגער קוקן זיך פולבאַדייטנדיק איבער. דייוויס מערקט עס און טייטשט עס אויס, אַז זיי האָבן קיין אמונה ניט אין זיין מאַכט צו קאָנטראָלירן די פרעסע. פאַנגט ער דעריבער אָן צו ברענגען באַווייזן: )

ס'איז דאָך מערקווירדיק, אַז ס'קומט מיר אויס היינטיקן ווינטער צום צווייטן מאָל צו רעאַגירן אין ענלעכע פאַלן. אָנפאַנג ווינטער האָט זיך אין נויאָרק באַוויזן איינער אַ מר. סקאָט, אָדער ווער ווייסט ווי מען רופט אים דאָרט, און האָט, אין נאָמען פון אַ קלייזל, אַזוי צו זאָגן, „עקספּערטן", אָנגעפאַנגען פאַרעפנטלעכן אַרטיקלען פון בלומרשטע פאָרשונגען אויפן געביט פון דער טעכנישער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנישער אינדוסטריע. ער האָט זאָגאַר געגרינדעט אַ געזעלשאַפט פון זיינע אָנהענגער און האָט שוין אויך געשאַפן אַ נאָמען פאַר זיינע משוגעדיקע אידייען — „טעכנאָקראַטיע" האָט ער עס אָנגערופן. די טעכניק, האָט ער געוואָלט באַווייזן, האָט זיך שוין אַזוי אַנטוויקלט, אַז די וועלט־אינדוסטריע וועט זיך שוין באַלד כמעט ניט נויטיקן אין אַרבעטער־הענט. די מאַשין וועט אַליך אַליין אויסאַרבעטן. עס וועלן בלויז געברויכט ווערן אינזשעניערן, וועלכע זאָלן אַכטונג געבן אויף די מאַשינען. דעריבער, איז ער אַריין אין אַזאַ מין אוטאָפּיע, אַז מען זאָל די אינדוסטריע איבערגעבן אין די הענט פון טעכניקער און אַז זיי זאָלן פירן דאָס לאַנד, אַז מען זאָל אָפּשאַפן געלט און אַז אַרבעט זאָל אויסגעטיילט ווערן גלייך אויף גלייך צווישן אַלע מענטשן . . . ער האָט יעדן אַמעריקאַנעם בירגער פאַרשפּראָכן די גרעסטע גליקן און פילע אוצרות. ער האָט געוואָלט אויסגלייכן אַלע

מענטשן — פונקט ווי אַזאַ זאַך וואָלט מעגלעך געווען . . .
זיין אידייע האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט איבערן לאַנד און איז געוואָרן די סענסאַציע פונם טאָג. די ערשטע צייט האָבן מיר דעם גאַנצן ענין באַטראַכט פאַר אַ וויץ, און מיר האָבן געלאָזט די פּרעסע צו צעפּויקן עס. שפּעטער האָבן מיר זיך אָבער אַרומגעזען, אַז די נאַרישקייט דאַרף אָפּגעשטעלט ווערן. נאָכ־סאָל אַרויסרופן שעדלעכע טרוימען ביי נאַאיווע געמיטער? האָבן מיר אַ וואונק געטאָן און די זאָגענאַנטע „מעכנאָקראַטיע" איז אין משך פון איין וואָך פאַרגעסן געוואָרן. דערמאָנט היינט דאָס דאָזיקע וואָרט אין אַמעריקע און קיינער וועט שוין ניט וויסן וואָס עס באַטייט . . .

קלאַראַ: איר זיינט, קענטיק, נאָך מעכטיקער פון אונ־דזערע אייראָפּעישע פּרינצן, מר. דייווים.

דייוויס (באַרימעריש און זעלבסט-צופרידן): עס מוז דאָך די וועלט פון וועמען עס איז קאָנטראָלירט ווערן. ווי וואָלט זי דען אַנדערש געקענט עקזיסטירן? נעמט אָט רוסלאַנד אַלס ביישפּיל . . .

קלאַראַ: טאַקע אַ חידוש וואָס דוקא רוסלאַנד האָט זיך אַרויסגעריסן פון אונטער אייער קאָנטראָל.

דייוויס (פּיל-באַדייטנדיק): עס וועט נאָך אויך איר צייט אָנקומען . . . (דאַן מיט זיכערקייט) עס פירט זיך אַלץ מיט אַ חשבון. מיר מוזן קודם פאַרפעסטיקן רוסלאַנדס שכנים און אַרומרינגלען זי מיט אַן אייזערנער קייט.

קלאַראַ: איך האָף אַז איר באַטראַכט ניט דייטשלאַנד פאַר אַ רינג אין דער קייט . . .

דייוויס: דייטשלאַנד וועט געווים מוזן ביישטייערן אויך איר חלק. דעם גרעסטן חלק, מוז איך זאָגן.

קלאַראַ: אָרימע דייטשלאַנד . . .

דייוויס: פאַרוואָס אָ ר י מ ע ?

קלאַראַ: מיר האָבן נאָך ניט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון איין מלחמה און אָט גרייט מען שוין פאַר אונדז אַ צווייטע.

דייוויס: אָ, עס מיינט ניט צוזאָגן, אַז אַ נייע מלחמה וועט פֿאַר דייטשלאַנד זיין אַזוי פֿאַטאַל ווי די וועלט־מלחמה. אמת, די וועלט־מלחמה איז טאַקע געווען אַ ביטערע דערפֿאַרונג און מיר זיינען ממש ניט גרייט געווען צו האַנדלען. איצט, אָבער, ווען דייטשלאַנד שטייט שוין אויף די פֿיס...

קלאַראַ: אויף די פֿיס? ... אויף היטלערס פֿיס?...

דייוויס: דערווייל קען ער עס אַפֿילו זיין. דייטשלאַנד געפֿינט זיך אָבער שוין איצט אויך אויפֿן וועג פֿון ווידערגע־בורט. זאַכן דאַרפֿן געפֿירט ווערן פֿון איין פֿאַראַנטוואָרטלעכן מענטשן. פּאַרלאַמענטן זיינען אַ גרויסער שטער פֿאַר אינדוס־טריעלער אַנטוויקלונג...

(ער ווערט שוין אָבער אומגעדולדיק פֿון סתם־ריידן און ער וויל צוטרעטן צו געשעפֿט. ער קוקט אויפֿן זייגער)

וואו איז הער האָפֿמאַן?

פֿילינגער: איך האָב ניט געדענקט, אַז איר וואַרט אויף הער האָפֿמאַנען. אויב אָבער עס זיינען נויטיק נאָך אויפֿקלע־רונגען וועגן דער דערפֿינדונג, גלויב איך, אַז איך קען אים פֿאַר־בייטן.

דייוויס: מער קיין אויפֿקלערונגען זיינען ניט נויטיק. דער ענין איז מיר אַצונד אויך גאַנץ קלאָר.

פֿילינגער: און וואָס איז אייער מיינונג, מר. דייוויס?

דייוויס: קיין באַשטימטעס קען מען, נאַטירלעך, ניט זאָגן. ס׳ווענדט זיך ווי אַזוי עס וועט זיך אַנטוויקלען אין דער ווירקלעכקייט.

פֿילינגער: ביי מיר זיינען וועגן דעם קיין ספֿקות ניטאָ.

דייוויס: אַלס אינזשענער דאַרפֿט איר וויסן, אַז אָפֿט־מאָל איז דאָ אַ היבשער מהלך צווישן טעאָריע און פּראַקטיקע. בכלל זיינען דאָ, פֿון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט, גרויסע שטע־רונגען.

האָפֿמאַן: (באַווייזט זיך אין טיר, רעכטס. דערזעענדיק די געזעלשאַפֿט, בלייבט ער שטיין ביים אַריינגאַנג. ער

ווערט אָבער פון קיינעם ניט באַמערקט.)

פילינגער: וואָס פאַר אַ שטערונגען?

דייוויס: זיי זיינען פילע און פאַרשיידענע. ערשטנס, צוליב דעם עצם פון דער דערפינדונג. ס׳קען שאַפן אַ קאָמפּליצירטע לאַגע אין דער וועלט פון פינאַנץ, דורכדעם, וואָס עס וועלן פאַלן די ווערטן פון די איצטיקע אינדוסטריעס, וואָס שאַפן די מעכאַנישע ענערגיע, וואָס איז אין איצטיקן געברויך. קוילן־מינען וועלן זיך דאַרפן פאַרמאַכן, עלעקטרישע סטאַנציעס וועלן מוזן איבערגעבויט ווערן, אויל וועט פאַרלירן זיין ווערט. עס וועט פירן צו קאַטאַסטראָפאַלע רעזולטאַטן. צום ערשטן וועט זיך אויף דעם, נאַטירלעך, אָפרופן די וועלט־בירזשע — אַקציעס וועלן זינקען אין פרייז און עס וועט געשאַפן ווערן אַ כאַאָס.

פילינגער: און צווייטנס?

דייוויס: צווייטנס, דער עקספּערימענט גופא. עס פאַדערט זיך מוראדיקער קאַפּיטאַל און — וויבאַלד דער קריזיס וועט געשאַפן ווערן, איז וואו וועט מען אים נעמען?

פילינגער: איידער דער עקספּערימענט וועט זיך אָנפאַנגען וועט דאָך נאָך דער קריזיס ניט זיין און קאַפּיטאַל וועט דאָך קענען געשאַפן ווערן.

דייוויס: אָ, איר קענט ניט די בירזשע. זי איז זייער עמפינדלעך, איך וואָלט געזאָגט, אַפילו אינטואיטיוו. זי דערשמעקט אַ געפאַר, נאָך איידער זי איז דאָ . . .

פילינגער: אַ פאַרכישופטער קרייז, הייסט עס?

דייוויס: ווי איר זעט. (געהיימניספול) און דער קרייז ווערט נאָך מער פאַרכישופט דורך דעם, וואָס, ווי איך פאַרשטיי, איז דער דערפינדער זעלבסט איצט, לײַדער, אַזוי צו זאָגן, אין אַן אומגינסטיקער לאַגע דאָ אין לאַנד, און דאָס גראָבט אונטער די אויטאָריטעט פון דער דערפינדונג.

פילינגער: איך פאַרשטיי אייך ניט.

דייוויס: די נייע אָרדנונג אין דייטשלאַנד באַציט זיך מיט היפּשן פאָרורטייל קעגן אידן.

פילינגער: אַה! . . .

דייוויס: ס'איז אַ גרויסער שטער!

פילינגער: אויב אַזוי, שיינט מיר, אַז אונדזערע פֿאַר־האַנדלונגען זיינען אינגאַנצן איבעריק.

דייוויס: מיך אימפּאָנירט אָבער דער גרויסער פּאַרנעם פֿון דער אידייע און דערפֿאַר בין איך אייך גרייט צו שטיצן. איך בין בכלל אַ גרויסער אָנהענגער פֿון נייע אידייען און איך שעץ זייער זייער אַנטוויקלונג. כאָטש די דערפֿינדונג קען קיינ־שום ממשותדיקן ווערט ניט האָבן, דאָך, ווי איך האָב געזאָגט, בין איך גרייט צו קומען צו הילף דעם דערפֿינדער, וועלכער געפֿינט זיך איצט, ליידער, ניט דורך זיין אייגענער שולד, אין אַן אומגינסטיקער לאַגע. אַלס אַן אַמעריקאַנער, איבערהויפּט, טוט מיר זייער לייד, וואָס עס קענען וואו עס איז דיסקרימינירט ווערן מענטשן בלויז דערפֿאַר, וואָס זיי באַלאַנגען, אומגליקלע־כערווייזע, צו אַן אַנדער גלויבן אָדער פֿאָלק. מיר, אין אַמע־ריקע, האָבן זיך שוין לאַנג באַפֿרייט פֿון אַזעלכע פֿאָרורטיילן. בין איך דעריבער גרייט אַריינצוגיין אין הער האָפּמאַנס לאַגע, קומען צו אים מיט פֿינאַנציעלער הילף, און, חוץ דעם, שאַפֿן פֿאַר אים די מעגלעכקייט צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, וואו ער וואָלט געקענט פֿאַרזאָרגט ווערן מיט אַ פֿיינער פּראָפֿעסאָר־שטעלע אין אַן אוניווערסיטעט.

פילינגער: און די דערפֿינדונג — וועט איר זי ביי אים איבערלאָזן?

דייוויס: ווי איך פֿאַרשטיי אָבער איז הער האָפּמאַן זייער אַ שטאָלצער מענטש און ער וועט ניט וועלן אָננעמען קיין אומזיסטע טובות. וועלן מיר עס, דעריבער, אַזוי מאַכן, אַז איך קויף די דערפֿינדונג ביי אים אָפּ.

פילינגער: און וואָס וועט איר מיט איר טאָן?

דייוויס: גאָרנישט. איך וועל זי בלויז האַלטן אין מיי־נע אַרכיוון . . . אַזוי צו זאָגן, אַלס אַ קוריאָזיטעט . . .

(ער קוקט אויף פֿילינגערן און זעט, אַז ער איז ניט באַ־גייסטערט פֿון דעם פֿאָרשלאַג, גיט ער דעריבער צו:)

איך שעץ אויך, הער פילינגער, אַז איר האָט פיל בייגע־שטייערט צו הער האָפמאַנס פאַרשונגען, — קען איך אייך פאַרזיכערן, אַז אייער מי איז ניט געווען אומזיסט. דער פאַקט איז, אַז איך קען נוצן אַזעלכע פּעאיקע מענטשן, ווי איר, אין מיינע אונטערנעמונגען. און — טאַלענטירטע מענטשן קריגן ביי מיר זייער אַ גרויסן געהאַלט . . .

(און אום צו פאַרזיכערן זיך אויך מיט קלאַראַן, ווענדט ער זיך אויך צו איר:)

און אַז הער האָפמאַן וועט אָפּפאָרן קיין אַמעריקע, וועלן מיר אייך, פריילין פאָן ווירטענבערג, אויך ניט פאַרזען. איך זעלבסט קען נוצן פאַר זיך נאָך אַ סעקרעטאַר. חוץ דעם, גע־פעלט מיר ניט איבעריקס מיין איצטיקער סעקרעטאַר. מעג איך אייך אָנבאָטן די דאָזיקע שטעלע? ניט וויסנדיק וויפיל גע־האַלט איר קריגט איצט, ריזיקיר איך דאָך און איך באָט אייך גלייך אָן צוויי מאָל צו פאַרטאָפּלען אייער איינקונפט.

קלאַראַ (מיט פאַרשטעלטער איראָניע): אָ, מר. דייוויס, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך! . . .

האָפמאַן: (אויפגעבראַכט און דערשיטערט ביזן גרונט, מיטן אויסדרוק פון ברוויזנדיקער רעגונג אין זיין גאַנצן אויסזען, קומט ער לאַנגזאַם צו צו דער גרופּע און שטעלט זיך איבער זיי אַוועק.)

פילינגער (שטייט אויף, איבערראַשט): הער האָפמאַן!

(דייוויס שטייט אויך אויף. פילינגער שטעלט זיי פאָר. זיי פאַרנויגן זיך. האָפמאַן ענטפערט קוים. אַלע שטייען. האָפמאַן פאַרלייגט זיינע הענט אויפן ברוסט. עס דער־פילט זיך אַן אומאַנגענעמע אָנגעשטרענגטע שטימונג. פילינגער טראָגט צו נאָך אַ שטול פאַר האָפמאַנען. נאָך אַ קורצער פּויזע זעצט ער זיך. אַלע פאָלגן אים נאָך און זעצן זיך אויך.)

פילינגער: האָפמאַן, דאָס איז דער מר. דייוויס, וואָס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אייער דערפינדונג. ער איז גרייט צו פאַרהאַנדלען מיט אייך וועגן דעם.

האָפּמאַן (אויפגערעגט אָבער איינגעהאַלטן און אויסער־לעך קאַלט און שטאָלץ): זייער אינטערעסאַנט. אָבער איי־דער מיר וועלן אָנפאַנגען פירן די פאַרהאַנדלונגען, וויל איך ביי אייך עטוואָס אויסגעפינען, מר. דייוויס. זיינט איר דאָס דער זעלביקער מר. דייוויס, וואָס באַזיצט אַ טייל אין די קוילן־מינען פון דעם רור־געביט?

דייוויס (באַרימעריש): איך האָב דאָרט אינוועסטירט עטלעכע מיליאָנען...

האָפּמאַן: און אויך אַקציעס אין די קוילן־מינען פון וועלס?

דייוויס: נו, דאָס גייט שוין צוזאַמען.

האָפּמאַן: און אין די אויל־קוואַלן פון פּערסיע?

דייוויס: אַריינגערעכנט די אויל־קוואַלן פון קאַליפאָרניע, טעקסאַס, מעקסיקאָ, מאָסול געביט...

האָפּמאַן: אויב אַזוי וואָלט דאָך מיין דערפינדונג פאַר אייך געווען אַ פאַרלוסט. ווען מיין דערפינדונג זאָל זיך אַנט־וויקלען, וועט דער ווערט פון אייערע קוילן און אויל אַקציעס פאַלן.

דייוויס: אָ, ווער רעכנט זיך מיט דעם? דאָס האָט ביי מיר קיין ווערט ניט... איך טראַכט בלויז וועגן אַלגעמיי־נע אינטערעסן...

האָפּמאַן: איך גלויב אייך. (דאַן ווי צופעליק) איך האָב זייער פיל געהערט וועגן אייך, מר. דייוויס. אייערע אינדוס־טריעלע פאַרבינדונגען זיינען זייער ברייט. מ׳זאָגט אַפילו, אַז איר קאָנטראָלירט וואָפן־פאַבריקן אין פילע לענדער.

דייוויס (לאָזט זיך נאַאיוו אַריינכאַפּן אין נעץ): יאָ. (און דאַן פּלוצים) לויט מר. פילינגערס דערקלערונג קען אייער דער־פינדונג גוט באַנוצט ווערן אין פאַל פון אַ מלחמה...

האָפּמאַן (אומבאַשטימט): יאָ... (דאַן פעסט) אָבער איר ווילט דאָך מיט מיר איצט פאַרהאַנדלען וועגן דער דער־פינדונג.

דייוויס: אויב איר ווילט קענען מיר דאָס טאָן. (קוקט אויפן זייגער) הגם איך פאַרמאָג שוין איצט ניט מער קיין צופיל צייט . . .

האָפמאַן: וויבאַלד איר האָט ניט קיין צייט, וועל איך עס מאַכן בקיצור. עס טוט מיר לייד, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספאַרשטענדעניש און אייער טירחה צו קומען אַהער איז געווען אומזיסט — איך האָב ניט בדעה צו פאַרקויפן אָדער איי־בערגעבן וועמען עס איז מיין דערפינדונג.

דייוויס (דערשטוינט): אָבער, הער האָפמאַן —

האָפמאַן (שטייט אויף): צוליב וואָס זאָל איך אומזיסט פאַרנעמען אייער ווערטפולע צייט, מר. דייוויס? דאָס איז מיין ענדגילטיקער באַשלוס.

דייוויס (שטעלט זיך אויך אויף): זיינט איר זיכער אין דעם, הער האָפמאַן?

האָפמאַן: פולשטענדיק.

דייוויס: און אַז איך וועל אייך פאָרשלאָגן — ?

האָפמאַן: צוליב וואָס פאָרשלאָגן? אומזיסט!

דייוויס: עס טוט מיר זייער לייד, הער האָפמאַן, אָבער איך זע, אַז, לויט די אומשטענדן, האָב איך דאָ מער ניט וואָס צו טאָן. (ער נעמט אַרויס אַ וויזיט־קאַרט) יעדנפאַלס, אויב איר וועט ענדערן אייער באַשלוס, קענט איר מיך אָט דאָ טרעפן.

האָפמאַן (נעמט די קאַרט): זייער גוט. אַ דאַנק.

(דייוויס געזעגנט זיך און גייט אַרויס. פילינגער באַ־גלייט אים אין דרויסן.

קלאַראַ און האָפמאַן בלייבן שטיין איינער אַנטקעגן דער אַנדערער. קלאַראַ איז דערשיטערט. האָפמאַן איז נאָך אַלץ ניט פריי פון דעם איינגעהאַלטענעם צאָרן. אַ קורצע פויזע. קלאַראַ ברעכט פלוצים צוזאַמען:)

קלאַראַ: איצט איז שוין אַלץ פאַרלוירן . . .

האָפמאַן: פאַרלוירן — ?

קלאַראַ: אָ, בלויז וועגן זיך טראַכסטו, וועגן זיך, וועגן דיי־

נע פּרינציפּן, וועגן דיינע שאַפונגען. וועגן מיר טראַכסטו אינ־גאַנצן ניט . . .

האָפמאַן : וואָס הייסט, קלאַראַ ? . . . ווי פאַלט דיר איין ? . . .

קלאַראַ (היסטעריש) : פּונקט ווען איך האָב שוין גע־דענקט, אַז אָט קומט די באַפרייאונג, ווען מיר וועלן קענען אַוועקפאָרן, זיין צוזאַמען . . .

האָפמאַן : קלאַראַ ! . . . פאַרשטיי אָבער . . . ווי קען איך ? . . .

קלאַראַ : ווען דו וואָלסט מיך ווירקלעך ליב געהאַט . . .

האָפמאַן (ווישט אירע טרערן, קושט זי) : און דו קענסט נאָך צווייפלען אין מיין ליבע צו דיר, קלאַראַ ?

קלאַראַ : איך האָב אָבער אַזוי מורא, לאַזאַר, אַזוי מורא ! ס'איז אַרום און אַרום אַזוי ביטער, אַזוי פינצטער ! —

האָפמאַן : וואָלסטו געזאָגט, אַז איך זאָל מיט דייוויסן יאָ פאַרהאַנדלען ? . . .

קלאַראַ : אָ, ניין, לאַזאַר ! דאָס טאָקע ניט ! דו האָסט זיך אַזוי דערהויבן איבער אים און דורכדעם מיך אויך דער־הויבן . . .

האָפמאַן : איז וואָס־זשע דען ווילסטו ?

קלאַראַ : לאָמיר אַוועק פון דאַנען, פאַרשווינדן —

האָפמאַן : אָבער וואוהין ? — וואוהין, קלאַראַ ? —

קלאַראַ : וואוהין ניט איז, אַבי מיר זאָלן פון דאַנען אַוועק. שווייץ, בעלגיע, האָלאַנד —

האָפמאַן : גוט, קלאַראַ, איצט קענען מיר שוין אַוועק.

קלאַראַ (גליקלעך, פאַלט זי אריין אין זיינע אָרעמס) : אָ, לאַזאַר ! . . .

(פילינגערס צוריקקומען צעשיידט זיי).

פילינגער : איצט טאָרט איר מער קיין צייט ניט פאַרלירן, האָפמאַן. איר מוזט אַנטלויפן פון דייטשלאַנד ! און וואָס שנעלער !

האָפּמאַן: איך בין גרייט!

פּילינגער: מאָרגן! איך וועל אַלץ צוגרייטן!

האָפּמאַן: גוט.

פּילינגער: אָבער אַלע דאָקומענטן מוזן נאָך היינט פון דאַנען צוגענומען ווערן!

האָפּמאַן: יאָ.

(זיי גייען צו האָפּמאַנס שרייב-טיש און פאַנגען אָן אויס-ליידיקן די טיש-קעסטלעך.)

פּילינגער: ניט אַלע. בלויז די וויכטיקסטע — וואָס האָבן אַ דירעקטע שייכות צו דער דערפינדונג. די איבעריקע זאָלן דאָ בלייבן — זיי זאָלן זיך ניט קענען גלייך כאַפּן... וואו זיינען די פאָרמולעס?

האָפּמאַן: אָט זיינען זיי.

פּילינגער: און די טאַבעלן?

האָפּמאַן: אָט!

פּילינגער: דאָס אַלץ. (צו קלאַראַן) זיינט אַזוי גוט און פאַרפּאַקט זיי. (זי נעמט פון אים די פּאַפּירן, אָבער ער האָט חרטה) נייך, דאָס וועט ניט טויגן! (צו קלאַראַן) זיינט אַזוי גוט און קערט זיך אַביסל אָפּ. (ער נעמט די פּאַפּירן און פאַרפּאַקט זיי אויף זיך אונטער די קליידער) אַזוי איז זיכערער. (ער גייט דערנאָך צו זיין שרייב-טיש און ברענגט פון דאָרט אַ פּאַק פּאַ-פּירן און מאַפּן.) דאָס זיינען די ערשטע עקספּערימענטן. פון זיי וועלן זיי אַלץ איינס גאָרנישט אַרויסקריגן... ביז וואַנען זיי וועלן זיך אָריענטירן, וועלן מיר געווינען צייט —— (ער פּאַר-פּאַקט זיי פאָרזיכטיק און לייגט זיי אַריין אין אַ שופלאָד פון האָפּמאַנס שרייב-טיש) פאַרשליסט זיי, האָפּמאַן!

(האָפּמאַן פאָלגט אים. פּילינגער לאָזט זיך גיין צום אַרויס-גאַנג.)

פורהאַנג.

# בילד נײַן

שפּעטער אָוונט פֿון דעמזעלביקן טאָג אין האָפּ־
מאַנס אַרבעטס־צימער.
האָפּמאַן שפּאַצירט אומרואיק הין און צוריק.
יאָהאַנאַ זיצט בײַ אַ טיש־לאָמפּ און נייט אויס
אויף אַ קאַנווע.
פֿון די אינוועניקסטע צימערן דערטראָגט זיך
דאָס שפּילן אויף אַ פֿלייט — דער דריטער טייל
פֿון וועראַציניס פֿידל סאָנאַטאַ. דאָס שפּילן
ווערט פֿאָרטגעזעצט די גאַנצע צייט.
פּויזע.
יאָהאַנאַ פֿאַנגט אָן שטיל וויינען.

**האָפּמאַן** (שטעלט זיך אָפּ לעבן איר): **וויינסט ? . . .**

**יאָהאַנאַ** (ווישט זיך די אויגן): **באַרוך שפּילט אַזוי טרויעריק . . . און איר שפּאַצירט אַרום אַזוי מאָדנע . . .**

**האָפּמאַן: האָסט מורא, יאָהאַנאַ ?**

**יאָהאַנאַ: און ווי זאָל איך ניט מורא האָבן ? . . . אַז איך דערמאָן זיך אויף אייער אָרימער מוטער, ווי זי זעט אוים — אירע שטומע אויגן . . .**

**(פּויזע. האָפּמאַן גייט צו זײַן טיש, עפֿנט אַ בוך, בלעטערט אים און פֿאַרמאַכט אים באַלד צוריק. שפּאַצירט ווידער איבערן צימער.)**

**יאָהאַנאַ: אַט וועט איר איצט אַוועקפֿאָרן און ווער ווייסט ווען איר וועט קענען צוריקקומען . . .**

האָפּמאַן (שטעלט זיך לעבן איר אָפּ פאַרוואונדערט):
ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך וועל אַוועקפאָרן?...

יאָהאַנאַ (אַנטשיידן): איר מוזט אַוועקפאָרן!

האָפּמאַן: איך מוז — ?

יאָהאַנאַ: איר מוזט! אַפילו פאַר אייער מוטערס וועגן מוזט איר! זאָל מיט אייך עטוואָס געשען, וועט זי דאָס ניט איבערלעבן.

האָפּמאַן: פאַרוואָס דענקסטו, אַז מיט מיר קען עטוואָס געשען?

יאָהאַנאַ: מיר געפעלט ניט דער אַמעריקאַנער וואָס איז דאָ היינט געווען. אַ לאַנגער דראָנג. און אַז איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן, האָב איך זיך געטראַכט — (קוועטשט מיט די אַקסלען) אָ, איך ווייס אַליין ניט וואָס, אָבער ער געפעלט מיר ניט ... ער האָט אַזאַ גרויסן דימענט אין זיין שניפּס ... ער איז הפּנים זייער רייך. אַלע אַמעריקאַנער זיינען רייך. אָבער די דייטשן אין אַמעריקע זיינען ניט רייך. הלואי וואָלט מיין ברודער העינריך דאָרט רייך געוואָרן ... ער שרייבט מיר, אַז ער קען ניט געפינען קיין אַרבעט. ווען ער וואָלט געהאַט געלט, וואָלט ער צוריקגעקומען אַהער ... פּונקט ווי דאָ וואָלט בעסער געווען ... אָבער דער אַמעריקאַנער געפעלט מיר ניט. איך בין זיכער, אַז ער איז אַהער געקומען צו שפּיאָנירן ...

האָפּמאַן (זעצט זיך ביי זיין טיש און קוקט אריין אין אַ בוך): וואָס דיר קען איינפאַלן.

יאָהאַנאַ (נאָך אַ פּויזע): נעכטן ביינאַכט האָבן זיך די שטורמער אַריינגעריסן אין הויז פון הער פעליקסאָן אויף פרידריכשטראַסע און זיי האָבן אים אַרעסטירט. היינט האָט מען אים געפונען אין טירגאָרטן מיט אַ קויל אין קאָפּ ...

האָפּמאַן (דערשיטערט): הער פעליקסאָן — ? אים — ? וואָס האָבן זיי צו אים געהאַט?

יאָהאַנאַ (טוט אַ מאַך מיט די אַקסלען אַז זי ווייסט ניט): און אַז זיי האָבן דעם הער פרידמאַן פון האַמבורגשטראַסע

דערמאָרדעט ? . . . ער איז דאָך אַודאי אַ פרידלעכער מענטש געווען.

האָפמאַן: (פאַרמאַכט דעם בוך און שפּאַצירט ווידער איבערן צימער).

יאָהאַנאַ: דעם פרידנסריכטער פראַנקפורטער האָבן די שטורמער אָפּגעוואַרט ווען ער איז אַרויס פון געריכט און אים אַזוי געשלאָגן, אַז ער וועט געווים שטאַרבן. ער איז איצט אין שפּיטאָל. פאַרגעסן זיך פרעגן אין וועלכן שפּיטאָל. אַ גוטער ריכטער געווען. האַנס האָט מיר דערציילט, אַז זיין שכן, ווילהעלם, האָט אַריינגעבראָכן זיך אין אַ שפּייז־קראָם אַנטקעגן זיין הויז און מען האָט אים געכאַפּט. האָט הער פראַנקפורטער אים ניט פאַרמשפּט, ווייל ער האָט דריי קינדער און זיין פרוי האָט נאָך דאַן געשווענגערט מיטן פערטן קינד און ער איז זייער אָרים. הער פראַנקפורטער האָט אַפילו געפּועלט ביי דער הילפס־געזעלשאַפט, אַז מען זאָל אים שטיצן. און אַז זיין פרוי איז געלעגן געוואָרן, האָט מען זי גוט באַהאַנדלט און מען האָט ביי איר קיין געלט ניט גענומען, ווייל זי האָט קיין געלט ניט געהאַט. — אַ גוטער ריכטער געווען.

(פּויזע. האָפמאַן שטעלט זיך אָפּ ביי פּילינגערס טיש און באַטראַכט אַ צייכנונג וואָס ליגט דאָרט. בלעטערט דער־ווייל אַ מאַנוסקריפּט און פאַרצייכנט עטוואָס אין אים.)

יאָהאַנאַ: זיי זאָגן אַלע, אַז דעם גאַנצן אומגליק האָבן געבראַכט די קאָמוניסטן. זאָג איך זיי, אַז ס'איז אַ ליגן. דייטשלאַנד האָבן אומגליקלעך געמאַכט, זאָג איך זיי, פראַנק־רייך און ענגלאַנד. איבערהויפּט פראַנקרייך און זיי זיינען ניט קיין קאָמוניסטן. אָט איז מיין מאַן, ווען ער האָט נאָך געלעבט, איז ער געווען אַ קאָמוניסט. און איך דענק, אַז איך בין אפשר אויך אַ קאָמוניסטקע — און מיר האָבן ניט חרוב געמאַכט דאָס לאַנד. דייטשלאַנד איז אומגליקלעך געוואָרן דורך דער מלחמה און די מלחמה האָט דער קייזער געמאַכט און ער איז ניט קיין קאָמוניסט. און אויך הינדענבורג איז שולדיק געווען אין דער מלחמה און ער איז אויך ניט קיין קאָמוניסט.

האָפמאַן: (שרייבט און הערט ניט וואָס זי רעדט).

יאָהאַנאַ: ווען איך בין היינט געגאַנגען קויפן פלייש אין הער שולצעס געשעפט, שטייען דאָרט אין דרויסן צוויי שטורמער און לאָזן מיך אַהין ניט אַריין. הער שולץ, זאָגן זיי, איז אַ איד, און ביי אידן טאָר מען ניט קויפן. נו, גיי טרעף, אַז הער שולץ איז אַ איד . . . זיין טאָכטער — זי הייסט אויך יאָהאַנאַ — זע איך יעדן זונטיק אין קירך. איז גיי און טרעף, אַז זי איז גאָר אַ אידישע . . . איך האָב געמיינט, אַז אידן גייען ניט אין קירך. זיי גייען, האָב איך געמיינט, אין סינאַגאָגע אָדער זיי גייען אין ערגעץ ניט, אַזוי ווי איר, הער האָפמאַן . . . (און נאָך אַ קורצער פויזע) זאָלן זיי מיך זונטיק כאָטש אין קירך אַריינלאָזן — אפשר שטייען דאָרט אויך שטורמער ביי דער טיר און לאָזן אַהין קיינעם ניט אַריין, ווייל ענטוועדער די קירך איז אַ אידישע אָדער דער גלח איז אַ איד . . .

האָפמאַן (שפּאַצירט ווידער איבערן צימער): אָ, יאָהאַנאַ, גענוג וועגן דעם צו ריידן.

יאָהאַנאַ: דאָס זאָג איך קעגן דעם, וואָס איך האָב געזאָגט, אַז איר דאַרפט אַוועקפאָרן. אָט האָבן היינט די סטודענטן אין אוניווערסיטעט אַרויסגעוואָרפן דעם פּראָפעסאָר צימערמאַן דורכן פענצטער. דערנאָך האָבן זיך די סטודענטן אָנגעהויבן שלאָגן צווישנאַנאַנד און אַכט סטודענטן האָט מען צעשלאָגן און זיי אויך אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער. פּראָפ. צימערמאַן איז געשטאָרבן ווייל ער איז געווען אַ איד, און דריי פון די סטודענטן זיינען אויך געשטאָרבן, ווייל איינער איז געווען אַ איד און צוויי זיינען געווען קאָמוניסטן.

(האָפמאַן איז אומגעדולדיק. יאָהאַנאַ מערקט עס און זי פאַנגט זיך אָן פאַרענטפערן:)

דאָס מיין איך קעגן דעם, וואָס איך זאָג, אַז איר זאָלט פון דאַנען אַוועקפאָרן, ווייל איר טאָרט דאָ מער ניט פאַרבלייבן. די צוויי שטורמער לעבן הער שולצעס געשעפט, האָבן מיר היינט געזאָגט, אַז צוערשט וועלן זיי שליסן אַלע אידישע געשעפטן און דערנאָך וועלן זיי ניט לאָזן פאַרקויפן קיין שפּייז צו קיין אידן. איז וואָס וועלן מיר טאָן? איך וועל מוזן אַליין גיין קויפן שפּייז.

און אַז איר וועט אַוועקפאָרן, וועל איך פּרווי האָפּמאַן דאַן קענען איבערלאָזן ——

האָפּמאַן (בלייבט שטיין פאַרוואונדערט, קוקט פאָרשנ־דיק אויף יאָהאַנאַן) : יאָהאַנאַ, ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך וועל אַוועקפאָרן און מיין מוטער דאָ איבערלאָזן ?

יאָהאַנאַ : קיינער האָט מיר ניט געזאָגט. איך ווייס אַליין. וואָרים ווי קענט איר פאָרן מיט איר צוזאַמען ? איר וועט דאָך פאָרן קיין אויסלאַנד און ביים גרענעץ שטייט אַ וואַך. אַליין וועט איר זיך קענען באַהאַלטן, אָבער ווי קען מען באַ־האַלטן מאַדאַם האָפּמאַן ? — מ׳וועט אייך דאַן ביידן כאַפּן. לעצטע וואָך האָט מען ביים גרענעץ געכאַפּט צען קאָמוניסטן און דריי אידן און מ׳האָט זיי דערשאָסן. זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן קיין פראַנקרייך. איצט לויפט מען שוין קיין דענע־מאַרק אָדער די שווייץ, ווייל דאָרט זיינען די גרענעצן ניט אַזוי שטאַרק באַוואַכט. דאָס איז ווייל מיט זיי וועלן מיר קיינמאָל ניט מלחמה האַלטן. אָבער מיט פראַנקרייך אָדער מיט פּוילן וועלן מיר יאָ מלחמה האַלטן.

האָפּמאַן (שטרענג) : יאָהאַנאַ, דיר האָט עמיצער גע־זאָגט, אַז איך וועל אַוועקפאָרן און מיין מוטער דאָ איבערלאָזן.

יאָהאַנאַ : קיינער האָט מיר ניט געזאָגט. איך קען אַליין אויך פאַרשטיין. אַפילו פרייזלין פאָן ווירטעמבערג דענקט אויך אַזוי. נעכטן האָט זי מיר געזאָגט, אַז —

האָפּמאַן (באַגרייפט שוין) : אָ, פרייזלין פאָן ווירטעמ־בערג . . .

יאָהאַנאַ : יאָ, פרייזלין פאָן ווירטעמבערג האָט מיר נעכטן געזאָגט —

(איר פלום פון רייד ווערט איבערגעריסן דורך שטאַרקן קלאַפּן אין טיר און אומאויפהערלעכן קלינגען מיטן גלאָק. גלייכצייטיק רייסט זיך אויך איבער דאָס שפּילן אויפן פּליט.)

יאָהאַנאַ (פאַרציטערט) : גאָט אין הימל !

האָפמאַן: (בלייבט, ווי געליימט, שטיין אין מיטן צימער).

(מען קלאַפּט אין טיר נאָך שטאַרקער און דער גלאָק הערט ניט אויף צו קלינגען.)

יאָהאַנאַ (אין טויט־שרעק): **די שטורמער! . . .**

(מען קלאַפּט אין טיר אָן אויפהער.)

יאָהאַנאַ: **איך האָב מורא צו גיין עפענען . . .**

האָפמאַן: **איך וועל עפענען.** (ער גייט צו דער טיר).

יאָהאַנאַ: **און איך וועל לויפן צו פרייליין פאָן ווירטענבערג!**

(זי אַנטלויפט דורכן קאָרידאָר אויף רעכטס.)

האָפמאַן (ביי דער טיר): **ווער איז דאָרט?**

אַ קול פון דרויסן: **אין נאָמען פון געזעץ, עפן!**

באַרוך (אַן איבערגעשראָקענער לויפט גלייכצייטיק אַריין פונם צימער רעכטס): **הער האָפמאַן! אייער מוטער איז זייער איבערגעשראָקן . . . וואָס איז עס אַזוינס? . . .**

האָפמאַן (וועלכער האָט שוין געהאַלטן זיין האַנט אויפן ריגל פון דער טיר צו עפענען זי, קערט זיך האַסטיק אום): **מיין מוטער? . . . באַרוך, גיי צו איר! זאָג איר, אַז ס'איז גאָר־נישט . . . געסט זיינען צו מיר געקומען . . .** (ער זעט, אַז באַרוך קווענקלט זיך, נעמט ער אים פאַר די אַקסלען און צווינגט אים אומצוקערן זיך) **גיי שנעל און פאַרברענג מיט איר! באַרואיק זי! זאָג איר, אַז ס'איז גאָרנישט!**

(ער שטופּט אַרויס באַרוכן און באַלייכט דעם צימער. דאַן עפנט ער די טיר.

עס קומען אַריין עטלעכע שטורמלייט און צווישן זיי שוואַנבערג און זייער פירער פּריטץ קערקהאָפער. זיי טראָגן אַלע רעוואָלווערן אין זייערע הענט.)

שוואַנבערג: (שטעלט צו זיין רעוואָלווער צו האָפמאַנס ברוסט און שטופּט אים צוריקוועגס אין צימער אַריין).

האָפמאַן (צוריקטרעטנדיק אונטער שוואַנבערגס דרוק): **וואָס באַטייט דאָס, מיינע הערן?**

שוואַנבערג: וועסט באַלד אויסגעפינען, איד. (ער קוקט זיך אַרום) דאָ איז מער קיינעם ניטאָ.

קערקהאָפער: איז דאָס הויז אַרומגערינגלט?

שוואַנבערג: פון אַלע זייטן. קיין קאַנאַליע וועט פון דאַנען ניט אַרויס אומגעמערקט.

האָפמאַן: מיינע הערן, איך פּראָטעסטיר! איר רייסט זיך אַריין אין אַ פרידלעכן הויז און —

שוואַנבערג (צעלאַכט זיך): דער געמיינער קערל פּראָטעסטירט נאָך...

האָפמאַן: ווער האָט אייך געגעבן דאָס רעכט? —— איך פאָדער צו זען דעם געריכטלעכן פולמאַכט אַריינצוררייסן זיך צו מיר אין הויז.

קערקהאָפער (צו שוואַנבערגן): צייג אים די פולמאַכט.

שוואַנבערג (מוט מיט זיין פויסט האָפמאַנען אַ שטויס אין פּנים אַריין. האָפמאַן פאַלט אַנידער. פון זיין נאָז פאַנגט אָן שטראָמען בלוט): אָט האָסטו די פולמאַכט, איד!...

קערקהאָפער (אויפגעבראַכט): האַלט! וואָס טוסטו? איך האָב געמיינט, אַז דו זאָלסט אים טאַקע ווייזן די פולמאַכט!

שוואַנבערג: אָ, אַנטשולדיקט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען...

קערקהאָפער: הויבט אים אויף!

(צוויי שטורמער הויבן האָפמאַנען אויף. מיט זיין נאָזטיכל ווישט ער זיך דאָס בלוט פונם פּנים.
פונם קאָרידאָר דערטראָגט זיך אַ טומל און עס קומען אַריין צוויי שטורמער שלעפּנדיק יאָהאַנאַן. יאָהאַנאַ ווערט זיך קעגן זיי און שרייט באַנומען. די שטורמער טוען זי אַ שליידער און זי פאַלט צו קערקהאָפערס פיס.)

קערקהאָפער: ווער איז זי?

ערשטער שטורמער: זי האָט געוואָלט אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער פון דער קיך.

צווייטער שטורמער (ווישט זיך דאָס פּנים): אַ מכ־

שפה ! . . . נעגל האָט זי ווי אַ קאַץ. דאָס פּנים האָט זי מיר צעריסן.

קערקהאָפער: ווער איז זי? קען זי ווער?

אַ שטורמער: איך קען זי. דאָס איז יאָהאַנאַ. אַ דינסט דאָ אין הויז. זי איז אומשעדלעך.

קערקהאָפער: טאָ פאַרוואָס האָט זי געוואָלט אַנט־לויפן?

דער שטורמער: מן הסתם איבערגעשראָקן זיך.

קערקהאָפער: האָט זי געוואָלט עפּעס אַרויסטראָגן פון דאַנען?

ערשטער שטורמער: מיר האָבן זי געכאַפּט מיט ליידיקע הענט.

קערקהאָפער: באַזוכט זי!

(די שטורמער טרעטן צו איר צו און ווילן זי באַזוכן. יאָ־האַנאַ שפּרינגט אויף, ווערט זיך קעגן זיי און הויבט אויף אַ באַנומענע קוויטשעריי.)

קערקהאָפער (פאַרשטעלט זיך די אויערן און שרייט אוים): לאָזט זי אָפּ, די מכשפה!

(זיי לאָזן זי אָפּ.)

ערשטער שטורמער: איך האָב אויך געזאָגט, אַז זי איז אַ מכשפה . . .

צווייטער שטורמער: אַמאָל האָט מען אַזעלכע גע־בראָטן אויף שייטערהויפנס.

ערשטער שטורמער: ס'וואָלט געווען אַ פיין גע־בראָטנס . . . אַ פּעטינקע . . .

(געלעכטער. ער וויל זי אַ קיצל טאָן, זי טוט אַ קוויטש.)

קערקהאָפער (וועלכער האָט זיך בעת מעשה געסודעט מיט שוואַנבערגן, דונערט אוים): שטיל זאָל זיין!

(די שטורמער טרעטן פון איר אָפּ. זיי היטן זי אָבער.)

קערקהאָפער (זעצט זיך ביי האָפמאַנס טיש און גיט אַ צייכן די שטורמער אַז זיי זאָלן צופירן האָפמאַנען צו אים. דאַן

ווענדט ער זיך צו אים): מיר האָבן זיך דערקונדיקט, אַז איר שטייט אין פאַרבינדונג מיט מאַרקסיסטישע און אידישע אָר־גאַניזאַציעס, וואָס שטרעבן צו שטירצן די נאַציאָנאַלע דייטשע רעגירונג. דערקלערט איר זיך שולדיק?

האָפמאַן: (ענטפערט ניט).

קערקהאָפער (שטרענג): איך בין געצוואונגען צו פאָ־דערן פון אייך ענטפערס אויף מיינע פראַגעס!

האָפמאַן: (שווייגט).

שוואַנבערג: איך וואָלט אים געעפנט דאָס מויל, ווי איך האָב אים געעפנט די נאָז...

(געלעכטער פון אַלע אַרומיקע.)

קערקהאָפער (דונערט): שטיל!

(עס ווערט שטיל.)

האָפמאַן: איך ווייס, אַז איר זיינט ניט געקומען אַהער צו פאָרשן, נאָר דורכצופירן אַ פאַרטיק־אָנגענומענעם באַשלוס. צוליב וואָס זאָלט איר זיך צערעמאָניעווען?...

קערקהאָפער: אין אייער הויז פאַרזאַמלען זיך פאַר־דעכטיקע פאַרשוינען. צווישן זיי אויך אויסלענדער. היינט האָט אייך באַזוכט אַן אַמעריקאַנער אַפילו. דאָס איז פאַרדעכטיק. צווישן אייערע נאָענטע מיטאַרבעטער געפינט זיך אויך איינער אַ פילינגער, אַ דייטשער פאַררעטער, וועלכער ווערט ליידער געשיצט פון דער פראַנצויזישער געזאַנדשאַפט.

האָפמאַן: (שווייגט).

שוואַנבערג: פאַרעקשנט. אויף אַזעלכע פאַרשוינען איז איבעריק צו פאַרשווענדן רייד. לאָמיר אים נעמען אויף אַ שפאַציר און לאַנדן זיין קערפער אויף זייער אומריינעם בית־עולם!

קערקהאָפער (שטרענג): מיש זיך ניט אַריין! (און דאַן צו האָפמאַנען:) ס'איז אונדז באַקאַנט, אַז איר האָט דער־פונדן אַ נייעם ענערגיע־שטאָף, וואָס איר פאַרוואַנדלט אין אַ מאַכטיקן אויפרייס־מאַטעריאַל און איר, מיט אייערע מיטאַרבע־

טער, ווילן אויפרייסן געזעלשאַפטלעכע בנינים, מיליטערישע פונקטן, אייזנבאַנען, אום צו שטירצן די רעגירונג און פאַרראַטן אונדז צו אונדזערע דרויסנדיקע און אינערלעכע שונאים.

האָפמאַן: (שווייגט).

קערקהאָפער: איך וואָלט אייך געראטן צו ענטפערן און ניט צו צווינגען אונדז צו געוואַלד־מיטלען.

האָפמאַן: איר ווייסט, אַז אייערע באַשולדיקונגען זיינען לעכערלעכע. זאָגט קלאָר וואָס איר ווילט!

קערקהאָפער: מיינע אינסטרוקציעס זיינען צו קריגן פון אייך די פאָרמולע פון אייער אויפרייס־מאַטעריאַל.

האָפמאַן: איצט פאַרשטיי איך אייך . . . איך האָב אָבער ניט באַשאַפן קיין אויפרייס־מאַטעריאַל, און די דאָזיקע, וואָס האָבן אייך אַהער געשיקט, ווייסן עס זייער גוט.

קערקהאָפער: איר צווינגט אונדז צו ווערן שטרענג צו אייך.

האָפמאַן: (שווייגט).

שוואַנבערג: און איך זאָג אייך ווידער אַמאָל, אַז ס'איז אומזיסט דאָס רעדן. לאָמיר בעסער האַנדלען!

קערקהאָפער: שווייגט! (צו די שטורמער:) באַזוכט דאָס הויז!

(צוויי שטורמער בלייבן שטיין לעבן האָפמאַנען און די איבעריקע צעשיטן זיך איבערן הויז, זוכן, נישטערן, ברעכן מעבל, רייסן די בילדער פון די ווענט. קערקהאָפער זעלבסט עפנט די שופלאָדן פונם שרייב־טיש, נעמט אַרויס פון דאָרט אַלע פאַפירן און צעלייגט זיי אויפן טיש).

אַ שטורמער (רייסט אַרונטער פון וואַנט האָפמאַנס פאַמיליען־בילד און צייגט זי צו אַ צווייטן שטורמער): זע נאָר, זע! . . . (ער שליידערט דאָס בילד מיטן פוס און מיט איבערגעטריבענער מימיקע מאַכט ער נאָך אידישע תנועות. הילכיקער געלעכטער.)

קערקהאָפער (קומט צו צום פאַרשלאָסענעם טיש־קעסטל און ווענדט זיך צו האָפמאַנען): עפנט אויף!

האָפּמאַן: (רירט זיך ניט פון אָרט).

קערקהאָפּער (צו די וועכטער): **באַזוכט אים פאַר די שליסלען!**

(זיי באַזוכן אים און שלעפּן אַרויס די שליסלען פון זיין קעשענע. קערקהאָפּער עפנט דעם שופלאָד און נעמט פון דאָרט אַרויס דעם מאַנוסקריפּט, וואָס איז דאָרט ביי־טאָג אַוועקגעלייגט געוואָרן. ער דערפרייט זיך מיט אים).

קערקהאָפּער: **אָ, דאָס איז עס!** (בלעטערט דעם מאַ־נוסקריפּט).

(פון צימער, רעכטס, דערטראָגט זיך אַ ווילדער געלעכטער. האָפּמאַן ציטערט אויף און לאָזט זיך אין יענער ריכטונג. זיינע וועכטער נאָך אים.)

האָפּמאַן (מיט אַ באַנומענעם קול): **מוטער! מוטער!**

(ביי דער טיר באַגעגנט ער צוויי שטורם־לייט, וועלכע פירן אַרויס מאַדאַם האָפּמאַן אויף איר אינוואַלידן־שטול. נאָך זיי — אַן איבערגעשראָקענער, מיטן פּלייט אין האַנט, גייט נאָך באַרוך. האָפּמאַן שטויסט אָפּ די שטורמער פון זיין מוטער און פאַלט צו איר צו:)

**מוטער, האָבן זיי דיר בייז געטאָן? . . .** (ער פאַרשטעלט זי מיט זיך פון זיי).

קערקהאָפּער (צו די דאָזיקע צוויי שטורמער): **ווער איז זי?**

איינער פון זיי: **זעט נאָר סאַר'אַ באַשעפעניש! . . .**

דער צווייטער: **אַ טיפּיש־אידישע שיינהייט . . .** (גע־לעכטער) **קטש־ש־ש . . .** (און ער וויל זי קיצלען)

(מיט דעם אַזאַרט פון אַ פאַרצווייפלטן וואַרפט זיך האָפּמאַן אויף דעם דאָזיקן שטורמער און וואַרפט אים אום אויף דער ערד. דער צווייטער שטורמער וואַרפט זיך אויף האָפּמאַנען. באַרוך, דערזעענדיק, אַז האָפּמאַן ווערט גע־שלאָגן, וואַרפט ער זיך אויפן שטורמער און פאַנגט אים אָן צו שלאָגן מיטן פּלייט. צו די צוויי שטורמער קומען צוהילף די איבעריקע, מיט שוואַנבערגן בראש. שוואַנ־

בערג לאָזט באַרוכן אַראָפּ אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ. באַרוך פאַלט אַנידער. שוואַנבערג לאָזט אים אָבער ניט אָפּ און מיט דער רציחה פון אַ סאַדיסט, הערט ער ניט אויף צו שלאָגן אים מיטן רעוואָלווער איבערן קאָפּ און טרעט אים מיט די פיס. די איבעריקע שלאָגן האָפּמאַנען און ווען ער פאַלט שוין אַנידער, לויפט צו אים צו שוואַנבערג און אַלע צוזאַמען שלאָגן זיי אים מיט דער ווילדער רציחה פון צעיושעטע חיות.

מאַדאַם האָפּמאַן לאָזט פון האַלדז אַרויס באַנומענע כאַר־כלענדיקע קולות. זי שטרענגט זיך אָן אויפצושטיין, אָבער זי קען ניט.

קערקהאָפער שטרענגט זיך אָן אָפּצושטעלן זיי, אָבער זיי זיינען אַלע אַזוי צעיושעט, אַז זיי פאָלגן אים ניט און צו זיינע געשרייען פון „לאָזט אָפּ״ הערט זיך קיינער ניט צו.

אין טומל מערקט קיינער ניט ווי יאַהאַנאַ רוקט זיך צום אַרויסגאַנג און פאַרשווינדט.

מאַדאַם האָפּמאַן, נאָך איר אומבאַהאָלפענער אָנשטרענ־גונג אויפצושטיין, פאַלט זי אין שטול און בלייבט ליגן אין חלשות.

דער קאַמף איז אַ קורצער און האָפּמאַן ליגט שוין באַלד אויף דער ערד און איז אומבאַוועגלעך.

ערשט דאַן גיט זיך קערקהאָפערן איין אָפּצושטעלן זיינע שטורמער.

קערקהאָפער (קוקט אויף האָפּמאַנען און איז פאַר־צווייפלט): **אוממענטשן, וואָס האָט איר געטאָן? . . .**

שוואַנבערג (מיט אַ באַוועגונג, אַז מ׳וואָלט געדאַרפט נאָך שלאָגן): **ער לעבט נאָך אודאי . . .**

אַ שטורמער (טוט האָפּמאַנען אַ שטויס מיטן פוס און קערט אים איבער): **טויט ווי אַלע טויטע.**

קערקהאָפער (זייער אויפגערעגט): **פאַר טויטן אים וועט מען אייך רופן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט!**

שוואַנבערג: מיט וואָס איז ער בעסער פאַר אַנדערע? ווי ער נעמט זיך דאָס אָן פאַר אָט דעם אידן! . . .

קערקהאָפער: דער באַפעל איז, אַז מיר זאָלן אים ברענגען אַ לעבעדיקן.

שוואַנבערג: האָט איר אונדז פריער געדאַרפט זאָגן, אַז אָט דער פאַרפלוכטער איד איז אַן אויסנאַם.

קערקהאָפער (דונערט אוים): שווייג! (פאַרנעמט די פאַפירן פון האָפמאַנס טיש) לאָמיר גיין!

(אַלע אָפּ. אַ לאַנגע פויזע. מאַדאַם האָפמאַן קומט צו זיך פון חלשות. זי קוקט זיך אַרום און דערזעט האָפמאַנען. שטרענגט זי אָן אירע כוחות אַראָפּצוגיין פון שטול, אָבער זי קען ניט. גליטשט זי זיך מיט דער רעכטער האַנט און פוס פונם שטול און פאַלט אַנידער אויף דער ערד. פון דאָרט קריכט זי אַזוי אויף אַ זייט, ביז וואַנען, מיט גרויס מאַטערניש, עס געלינגט איר צוצוקומען צו האָפמאַנען. זי פאַלט צו אים צו און כאַרכלט קוים אוים: „לאַזאַר! לאַזאַר!" זי פרוווט פילן זיין שטערן, זיין פולס, לייגט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט צו הערן אויב ער אָטעמט. זי בלייבט אָבער באַלד ליגן אין אָנמאַכט — קענטיק ווידער געחלשט.

אין דעם העל־באַלויכטענעם צימער — אַ לאַנגע פויזע. ביז וואַנען עס דערהערן זיך פון דרויסן איילנדיקע טריט. קלאַראַ און יאָהאַנאַ לויפן אַריין. קלאַראַ פאַלט צו צו האָפמאַנען און יאָהאַנאַ — צו מאַדאַם האָפמאַן.

קלאַראַ: לאַזאַר! לאַזאַר!

יאָהאַנאַ: טויט?

קלאַראַ (מיט איר אויער אויף האָפמאַנס ברוסט, דערפרייט): ער לעבט!

יאָהאַנאַ: און אויך מיין מאַדאַם לעבט — ליבינקע מיינע, געחלשט קענטיק . . .

(און בעת קלאַראַ עסקט זיך מיט האָפמאַנען צו ברענגען אים צום באַוואוסטזיין, עסקט זיך יאָהאַנאַ מיט מאַדאַם

האָפֿמאַן. דערנאָך, אַרומקוקנדיק זיך איבערן צימער, פֿאַלט איר בליק אויף באַרוכס קערפּער. זי טוט אַ קוויטש און פֿאַרשטעלט זיך די אויגן.)

יאָהאַנאַ: הייליקע מוטער! ...

פֿוירהאַנג



# בילד צען

אין צוויי וואָכן אַרום.
דאָס ליכט פֿאַלט אויף דר. לאַנדויער, העגרי
דייוויס און נאַצי־פּירער. זיי זיצן ביי אַ טיש.

לאַנדויער: אַזוי איז געווען קערקהאָפּערס באַריכט: „לאַזאַר האָפּמאַן איז טויט". קערקהאָפּער האָט געדענקט, אַז ער האָט די ריכטיקע דאָקומענטן און ער האָט זיך מער ניט געקימערט וועגן האָפּמאַנען זעלבסט — אויסצוגעפינען צי ער איז ווירקלעך טויט.

פּירער: אָבער איר, הער דאָקטאָר, וואָלט געדאַרפט מער אינטערעסירן זיך. איר האָט ניט געטאָרט אָננעמען אַ באַריכט אָן אַ דאָקטאָרס באַשטעטיקונג.

לאַנדויער: איך בין זיך מודה, אַז דערמיט האָב איך באַגאַנגען אַ פעלער. אָבער ווען דר. קערקהאָפּער האָט מיר זיין באַריכט געבראַכט, בין איך פאַרכאַפּט געוואָרן פון צוויי אומ־שטענדן: צו שטודירן די דאָקומענטן און צו דערשטיקן פאַר דער עפנטלעכקייט די ווירקלעכע אומשטענדן פון האָפּמאַנס טויט.

פּירער: און דערמיט האָט איר געבראַכט אַ טאָפּלטן שאָדן: ערשטנס, לאַזאַר האָפּמאַן לעבט, איז אין אויסלאַנד, איז פריי און ער פירט אָן פראָפּאַגאַנדע קעגן אונדז.

לאַנדויער (לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ): ס'איז אמת.

פּירער: צווייטנס — זיין דערפינדונג איז ביי אים און ניט ביי אונדז.

לאַנדויער: (שווייגט).

פירער: צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן האָבן געפירט האָפּ־מאַנס טאַבעלן?

לאַנדויער: צום היפוך פון דעם, וואָס ער האָט פּראָקלאַ־מירט, אַז ער האָט דערפונדן — צו פאַרשווענדונג פון ענערגיע. קענטיק, אַז דאָס זיינען געווען האָפּמאַנס ערשטע קאַלקולאַ־ציעס, אָבער זיי האָבן אים צו קיינשום רעזולטאַטן ניט געפירט. האָט ער זיי פאַרוואָרפן און האָט זיך פאַרנומען אין אַן אַנדער ריכטונג. און — דאָס איז זיין סוד.

פירער: ס'איז דאָך אָבער לאָגיש צו דענקען, אַז די אי־דייע פון זיין דערפינדונג געפינט זיך אין אָט די דאָקומענטן.

לאַנדויער: יאָ.

פירער: איז אָט די אידייע כאָטש אייך קלאָר?

לאַנדויער: יאָ.

פירער: קענט איר זי ניט פאָרטזעצן אין דער ריכטונג פון האָפּמאַנען און אַזוי אַרום צוקומען צו זיינע שלוסן?

לאַנדויער: איך האָב געפּרואווט און איך קען ניט.

פירער (פאַרביטערט): און דאָס זאָגט איר אַזוי, איר (נעמט פון טיש אַ בוך און שליידערט אים אויף לאַנדויערן), וועלכער וויל אונדז איבערצייגן אין אָט דעם ווערק, אַז אידן זיינען אַ גייסטיק מינדערווערטיקע ראַסע . . .

לאַנדויער: דאָס בוך איז פאַרפאַסט לויט אייערע אינ־סטרוקציעס . . .

פירער (אויפגעבראַכט): איר וואַגט? . . .

לאַנדויער (ווי פאַרענטפערנדיק זיך): עס קען מעגלעך זיין, אַז אין האָפּמאַנס אָדערן פליסט אַריש בלוט . . .

פירער: אָדער אין אייערע — אידיש בלוט . . .

לאַנדויער (שפּרינגט אויף): איר וואַגט . . .

פירער (שטרענג): זיצט רויק, מיין פריינט.

לאַנדויער: (נידערשלאָגן, זעצט זיך אַוועק).

פירער: אייער נאַכלעסיקייט האָט געבראַכט צו אונדזער באַוועגונג מוראדיקן שאָדן. מיר מוזן אַריינקריגן די דערפינ־

דונג! אונטער אַלע אומשטענדן! אום זי זאָל קענען דורכ־
פירן איר פּראָגראַם, מוז די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע רעגי־
רונג באַזיצן איבערוועגנדיקן וואָפן לגבי דער דרויסנדיקער
וועלט. און דייטשלאַנד איז אַנטוואָפנט . . . מיר מוזן האָבן אָט
די דערפינדונג! מיר זיינען געצוואונגען צו זיין שטרענג מיט
אייך, הער דאָקטאָר.

(ער שטייט אויף).

מיר גיבן אייך פיר וואָכן צייט אַריינצוקריגן אַהער לאַזאַר
האָפּמאַנען און זיין דערפינדונג. און — מר. הענרי דייוויס
. . . די רעגירונג האָט מיט אים אַ געוויסן אָפּמאַך . . . אויף
וויפיל עס וועט מעגלעך זיין, וועט ער אייך העלפן. איר שטייט
אונטער זיין אַבסאָלוטן אויפזיכט. אַדיע!

(ער גייט אַוועק.

לאַנדויער און דייוויס שטייען איינער אַנטקעגן אַנדערן
און קוקן זיך, פאַרשנדיק, אָן. לאַנדויער — אַ נידער־
שלאָגענער און דייוויס — מיט אַ סאַרדאָנישן שמייכל
אויף די ליפּן.

ביז וואַנען דייוויס איבערצייגט זיך, אַז לאַנדויער איז
אים אינגאַנצן אונטערטעניק און ער שטרעקט אים אויס
זיין האַנט. לאַנדויער כאַפּט זיך אָן אָן דייוויסעס האַנט,
ווי דער וואָס טרינקט זיך — אָן אַ שטרוי.

זיי קוקן איינער אויף דעם אַנדערן און ס׳זעט אויס ווי
אַ שטומע סצענע פון באַוואוסטזיניקע מעפיסטאָפעלישע
כּוחות.

דאָס ליכט לעשט זיך לאַנגזאַם. צום סוף זען זיך ניט
מער ווי די צוויי פּנימער — פאַרגליווערטע מאַסקעס פון
בייזווילן און האַס.

פינצטער

# בילד עלף

אַ צימער אין אַ ווילאַ אין זשענעוואַ, שווייץ, וואו עס וואוינט איצט לאַזאַר האָפּמאַן. אין הינטערגרונט עטלעכע פענצטער, דורך וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך אַ הערלכע בערגיקע פּאַנאָראַמע, וואָס באָדט זיך אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן. אין מיטן צימער אַ טיש מיט שטולן אַרום אים. טיפער צום הינטערגרונט, אַ זאָפע און עטלעכע אַרמשטולן. רעכטס אַ קאַמין, וואו עס ברענט איצט אַ קליין פייער. לעבן קאַמין, טיפער צום הינטערגרונט, אַ טיר וואָס פירט אין די אינווייניקסטע צימערן פונם הויז. לינקס אַ טיר, וואָס פירט אין דרויסן.

עס איז דעם 10טן מאַי, 1933, 8 אַזייגער אינדערפרי.

אין צימער איז קיינעם ניטאָ, אָבער באַלד דערהערן זיך טריט און פון די אינווייניקסטע צימערן פונם הויז קומען אַריין קלאַראַ און פילינגער.

די טרויעריקע געשעענישן האָבן אויף קלאַראַן איבערגעלאָזט קענטיקע שפורן. אַ מידקייט פילט זיך אין אירע באַוועגונגען, וואָס שטערט אָבער ניט זייער מערקווירדיקער ריטמישקייט, וואָס איז אייגנאַרטיק פאַר מענטשן, וואָס האָבן

דערגרייכט אַ גייסטיקע אויסגעלייטערטקייט און באַשטימטקייט. זי איז בלייך און איז מאָגע־רער געוואָרן און דורכדעם זען אירע אויגן אויס גרעסער און טיפער און ווען זיי קוקן פאַר־טראַכט פילט זיך אין זיי עטוואָס מיסטעריעזעס און ספּיריטועלעס. אירע האָר זיינען צעטיילט אין מיטן קאָפּ און הענגען אַראָפּ גלאַט ביז אַריבער די אויערן, וואָס דאָס צוזאַמען גיט איר אויסזען די פאָרשטעלונג פון אַ מאַדאָנאַ. זי איז אָנגעטאָן אין אַ קימאָנאָ, וואָס איז איינגע־צויגן אַרום איר טאַליע, און ווען זי באַוועגט זיך, קען מען נאָכפאָלגן ווי גראַציעז און איידל עס זיינען אירע זשעסטן.

עס מערקן זיך אָבער קיין ענדערונגען ניט אין פילינגערן. ער איז, ווי געוויינלעך, געלאַסן, רואיק און נעט.

**קלאַראַ:** דאָ וועט אונדז קיינער ניט שטערן און מיר קענען שמועסן.

(זיי זעצן זיך — פילינגער אויפן זאָפע און קלארא קעגן אים אויף אַ שטול).

**פילינגער:** ווען זיינען אייערע עלטערן אַהער אָנגע־קומען?

**קלאַראַ:** נעכטן אינדערפרי.

**פילינגער:** און ווען האָט איר דערהאַלטן אייער מור־טערס בריוו?

**קלאַראַ:** אין דערזעלביקער צייט.

**פילינגער:** הייסט עס, אייער מוטער האָט זיך דער־וואוסט וועגן אייער פאָטערס באַזוך אַהער ערשט קורצלעך פאַר זייער אָפּפאָרן.

**קלאַראַ:** אַזוי שרייבט זי טאַקע אין איר בריוו. זי

שרייבט, אַז זי האָט זיך אַט ערשט דערוואוסט, אַז מיין פּאַטער פּאָרט צו זען זיך מיט מיר און איר האָט זיך קוים איינגעגעבן צו פּועלן ביי אים, אַז זי זאָל מיטפּאָרן.

פּילינגער: שרייבט זי דען אייך אינגאַנצן ניט וועגן דעם ציל פון אייער פּאַטערס קומען אַהער צו זען זיך מיט אייך?

קלאַראַ: זי שרייבט יאָ, אָבער אומקלאָר. קענטיק אָבער, אַז ער קומט אַהער מיט אַ טאָפּלטער מיסיע — אים ער־גערט זייער מיין נאָענטע פריינטשאַפט מיט האָפּמאַנען, און, מיר איז באַקענט, אַז ער איז אַהער געקומען צופאָרן צוזאַמען מיט העברי דייווויס און דאָס האָט געוויס אַ שייכות מיט האָפּ־מאַנס דערפינדונג.

(קורצע פּויזע. פּילינגער באַטראַכט קענטיק די לאַגע. דערנאָך פרעגט ער:)

פּילינגער: און אייער מוטער — וואָס דענקט זי וועגן אייער פריינטשאַפט מיט האָפּמאַנען?

קלאַראַ: אין אירע בריוו האָט זי זיך וועגן דעם קיינ־מאָל דייטלעך ניט אויסגעדריקט. איך שטעל זיך אָבער פאָר, אַז ס'טוט איר אויך וויי. באַטראַכט נאָר, פּילינגער, אַז זי איז פון קינדווייז אָן דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון פּראַקטיקונג צו אידן און די נייע אויפגעבלאָזענע ראַסן־פּראָפּאַגאַנדע אין דייטש־לאַנד האָט אויף איר, מן הסתם, אויך געווירקט . . .

פּילינגער: יאָ . . . (און נאָך אַ פּויזע) אייער פאַטער וויים, נאַטירלעך, ניט, אַז אייער מוטער שרייבט זיך מיט אייך דורך.

קלאַראַ: געוויס ניט.

פּילינגער: וואָס האָט איר אים געענטפערט אויף זיין בריוו?

קלאַראַ: בלויז דאָס, אַז איך קען מיט אים פריער פון היינט ניט טרעפן זיך. איך האָב געוואָלט צוערשט מיט אייך מיישב זיין זיך.

פּילינגער: איר האָט אָבער יאָ פאַרשפּראָכן צו טרעפן זיך מיט אים?

קלאַראַ: יאָ. איך האָב געמוזט אויף אַזויפיל איינ־שטימען.

פילינגער: האָט אייער פֿאָטער ווען עס איז פֿריער געזוכט שלום צו מאַכן מיט אייך? איך מיין דאַן, ווען איר זיינט נאָך געווען אין בערלין.

קלאַראַ: קיינמאָל ניט. זינט איך האָב פֿאַרלאָזט זיין הויז, האָט ער ניט נאָר ניט געוואָלט באַגעגענען זיך מיט מיר, נאָר ער האָט אויך מיין מוטער פֿאַרבאָטן צו זען מיך. איך פֿלעג זיך מיט איר באַגעגענען אין געהיים. ער וואָלט זיך ניט געלאָזט איבערבעטן, ווען איך וואָלט דאָס אפילו געוואָלט טאָן.
(און נאָך אַ פּויזע) וואָס זאָלן מיר איצט טאָן, פֿילינגער?

פילינגער: עס איז קיין ספק ניט, אַז איר מוזט זיך מיט אים באַגעגענען.

קלאַראַ: ער בעט מיך אַריבערצוקומען צו אים אין האָטעל.

פילינגער: דאָס וועט ניט טויגן.

קלאַראַ: וואו דען?

פילינגער: דאָ אין הויז.

קלאַראַ: און האָפמאַן?

פילינגער: ווען ער איז ניטאָ אינדערהיים.

קלאַראַ: האָפמאַן גייט היינט צו אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אַ קאָמיטעט פֿאַר דייטשע פּליכטלינגע. אום עלף אַזייגער אינדערפֿרי.

פילינגער: איז גוט. זאָלן אייערע עלטערן דאַן אַהער אַריבערקומען.

קלאַראַ: און אַז זיי וועלן פֿאַרלאַנגען צו טרעפֿן זיך מיט אים?

פילינגער: דאַן, זאָלן זיי.

קלאַראַ (אין ספק): אפשר . . . (דאַן מיט דאַנקבאַרקייט) סאַר'אַ גליק, פֿילינגער, וואָס איר זיינט געקומען! אייער פֿריינטשאַפֿט איז אומשעצבאַר!

פילינגער: איך בין צופֿרידן, וואָס איך האָב געהאַט די

מעגלעכקייט צו קומען. בערלין איז נאָך אַלץ ווי אין אַן ערד־ציטערניש — מ'איז דאַרט ניט זיכער מיט קיין איין טראָט.

קלאַראַ: איך שטעל זיך פֿאָר. ווי אַזוי האָט איר דאָך געפֿונען די מעגלעכקייט אַזוי שנעל צו קומען?

פּילינגער: אַלס קוריער פֿון דער פֿראַנצויזישער געזאַנדשאַפֿט.

קלאַראַ: איך האָב זיך טאַקע פֿאָרגעשטעלט, אַז אַזוי וועט איר טאָן. (און דערנאָך זאָגט זי) דאָ, אין זשענעוואַ, איז שטיל און רואיק. מיר וואָלטן דאָ געקענט רוען, ווען ניט די זאָרג פֿאַר האָפֿמאַנס מוטער. האָט איר זי געזען, פּילינגער? וואָס מאַכט זי?

פּילינגער: איך האָב זי געזען פֿאַר צוויי־וואָכן. זי איז דאַן, לויט די אומשטענדן, אויסגעזען מוטיק און מונטער.

קלאַראַ: איך האָב געדענקט, אַז פֿאַר אייער אָפּפֿאָרן וועט איר זיך נעמען די מי צו זען זיך מיט איר.

פּילינגער: איך האָב דאָס זייער געוואָלט טאָן, אָבער איך האָב באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן זיך דערפֿון. איך בין אין בערלין אַן אויפֿהער שפּיאָנירט געוואָרן און ס'וואָלט ניט ראַטזאַם געווען אַרויפֿצופֿירן די נאַציס אויף איר סליאַד. איך האָב אָבער מיט דריי טעג צוריק געזען יאָהאַנאַן און זי האָט מיר אָפּגעגעבן אַ גוטן גערוס.

קלאַראַ: אָ, ווען מאַדאַם האָפֿמאַן קען שוין אויך אַהער אַריבערגעבראַכט ווערן! דענקט איר, פּילינגער, אַז ס'זיינען דאָ אויסזיכטן?

פּילינגער: דערווייל, ליידער, ניט. מיט זייער גוטן ווילן וועלן די נאַציס זי פֿון דאָרטן ניט אַרויסלאָזן. און צו שמוגלען זי אַריבער דער גרענעץ, אונטער די איצטיקע אומשטענדן, איז אַ געפֿאַר.

קלאַראַ: ווען האָפֿמאַן זאָל זיך נאָר קענען באַהערשן און ניט אָננעמען קיין פֿאַרצווייפֿלטע שריט . . .

פּילינגער: יאָ, איך פֿאַרשטיי . . . בענקט ער שטאַרק נאָך איר?

קלאַראַ: אויסערגעוויינלעך. אָבער ס'איז ניט אַזוי אַ בענקשאַפט ווי אַ פּחד, אַז זי קען נאָך דאָרט אַנטפּלעקט ווערן און די נאַציס וועלן פון איר פאַר אים נקמה נעמען.

פילינגער: לײדער איז זיין פּחד אַ באַגרינדעטער. אַזעלכע האַנדלונגען זיינען גאַנץ געוויינלעך צווישן די נאַציס.

קלאַראַ: ווען בריוו קומען ניט אין צייט, איז ער ממש פאַרצווייפלט. צומאָל קומט ער אפילו אַריין אין שטימונגען צוריקצוקערן זיך צוליב איר קיין דייטשלאַנד.

פילינגער: דאָס וואָלט געווען אַ פאַרצווייפלטער שריט. ער וואָלט זיך מקריב געווען און איר ניט געהאָלפן.

קלאַראַ: ער ווייסט עס, אָבער ווען ער איז פאַרצווייפלט, קען ער האַנדלען ווי אַ קינד . . . און היינט איז שוין דער אַכטער טאָג, אַז פון איר זיינען קיין בריוו ניטאָ . . . (און דאַן — נאָך אַ קורצער שווערער פּויזע) און האָפמאַנס אַנדערע ענינים, דענקט איר, אַז זיי וועלן כאָטש קענען באַזאָרגט ווערן?

פילינגער: לײדער דאָס אויך ניט. זיין הויז איז פאַר־שלאָסן און איז אַרומגערינגלט דורך אַ פּאָליציי וואַך. זיין גאַנץ פאַרמעגן איז קאָנפיסקירט. מיינע אַפּעלאַציעס זיינען צוריקגעוויזן געוואָרן. (דאַן פאַרזאָרגט) אייך איז דאָ זייער שווער געווען . . . פון וואַנען האָט איר דאָך געקראָגן מיטלען צום לעבן?

קלאַראַ: פאַרשיידענע זשורנאַלן זיינען נאָך אַלץ נייגע־ריק געווען צו דרוקן זיינע אַרטיקלען. ער האָט לעצטנס ניט געשריבן, אָבער עס זיינען דאָ געווען אַ סך מאַנוסקריפּטן פון פריער. אַנדערע פון זיי האָבן אַפילו פאָרויס געצאָלט דעם האָנאָראַר. אָבער איצט פאַנגט די פּראָבלעמע אָן צו ווערן שאַרף . . . (און נאָך אַ פּויזע) פילינגער, איך לייען אין דער פּרעסע די אַרטיקלען וועגן האָפמאַנען און איך שטוין. פון וואַ־נען שטאַמט דער פּלוצלעכער אויסברוך פון סיסטעמאַטישער אַגיטאַציע קעגן אים? וואָס האָט מען צו אים? . . . פאַר־וואָס ווערט ער אַזוי פאַרפאָלגט אַפילו אין דרויסן פון דייטש־לאַנד? . . .

פילינגער: קאַפּיטאַל האָט נאָך ליידער אַ געוואַלדיקע מאַכט ... העגרי דייוויס!

קלאַראַ: יאָ, דייוויס ... די נאַציס ... איין פאַרבינ־דונג. צו צווינגען אים אונטערצוגעבן זיך ... פון אַמעריקע האָט מען האָפמאַנען שוין געמאָלדן, אַז זיי וועלן מער ניט קע־נען דרוקן זיינע אַרטיקלען.

פילינגער: וואו איז איצט האָפמאַן? שלאָפט ער נאָך?

קלאַראַ: ניין, ער איז אַוועק שפּאַצירן. אַזוי יעדן פרי־מאָרגן. ער שפּאַצירט ביז דער פּאָסט, צו זען אויב עס זיינען דאָ בריוו פון זיין מוטער.

פילינגער: ווערן דען קיין בריוו אַהער ניט געבראַכט?

קלאַראַ: יאָ, אָבער ער איז צופיל אומגעדולדיק צו דער־וואַרטן זיך אויפן בריוו־טרעגער.

פילינגער: די שרעק פאַר זיין מוטער פאַרנעמט דאָך אָבער אים ניט אינגאַנצן. וואָס טוט ער אַזוי? אָדער וואָס פּלאַנעוועט ער צו טאָן?

קלאַראַ: אָ, זיינע פּלענער זיינען פאַרשיידן. אָט אַרבעט ער איצט אויף אַ פּראָעקט פון אַ מין אינטערנאַציאָנאַלער אַקאַ־דעמיע פאַר וויסנשאַפט און קונסט, וואָס זאָל וויסנשאַפטלעך און קינסטלעריש אָפּשלאָגן דעם גיפט פון דער דייטשער נאַצי־אָנאַל־סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס פּראָקלאַמירט די אידייע פון כלומרשטע „העכערע" און „נידעריקערע" ראַסן. די דאָזיקע אַקאַדעמיע וועט עס דאַרפן אָנפירן אַ סיסטעמאַטישע אַנטי־מלחמה פּראָפּאַגאַנדע. אַרום איר וויל האָפמאַן קאָנצענ־טרירן די אויסדערוויילטסטע דערהויבענע גייסטער פון דער וועלט — די רעוואָלוציאָנערן, וויסנשאַפטסלייט, קינסטלער, צווישן וועלכע עס זאָלן איבערהויפּט זיין פאַרטראָטן די פּליכט־לינגע פון פאַרשיידענע לענדער. ער פירט מכח דעם אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ. ער שרייבט זיך דורך, למשל, מיט גאָרקין און לונאַטשאַרסקין פון איין זייט און מיט גאַנדין פון דער צווייטער זייט.

פילינגער: אַזעלכע עקסטרימען? סאַר'אַ אַבסורד!

קלאַראַ: אָבער האָפמאַן דענקט, אַז עס קען יאָ געשאַפן ווערן אַ באָדן, אויף וועלכן זיי זאָלן קענען צוזאַמענאַרבעטן, אַפילו ווען זיי וועלן זיך אין זייערע גרונט־אידייען קיינמאָל ניט איינפאַרשטיין.

פילינגער: געשעענישן לויפן מיט אַ ווירלווינט און האָפ־מאַן בלייבט דער זעלביקער . . .

קלאַראַ: די געשעענישן האָבן פאַרשטאַרקט האָפמאַנס ענטוזיאַזם און אים צוגעגעבן אימפּעט.

פילינגער: אָבער אָט די טעטיקייט פאָדערט דאָך גרויסע אָנשטרענגונג. איז זי ניט צופיל פאַר זיין אָפּגעשוואַכטן געזונט?

קלאַראַ: מיר דוכט, אַז די אָנשטרענגונג איז דאָס וואָס האַלט איצט אויף זיין גלייכגעוויכט. ער מוז עפּעס האָבן אום צו פאַרגעסן . . .

פילינגער: איר מיינט, זיין זאָרג פאַר זיין מוטערס שיקזאַל?

קלאַראַ: יאָ, זיין מוטער. און, מערקווירדיק, באַרוך — נאָך מער. באַרוכס טראַגישער טויט קומט אים ניט אַראָפּ פון זינען. ווען ער וואָלט ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון זיין טעטיקייט, וואָלט ער געוועזן אַ צעבראָכענער מענטש. ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז ער איז דער סימבאָל פון דער בלוטנדיקער מענטשהייט. צו זיין נאָמען איז געווידמעט זיין גאַנצע טעטיקייט.

פילינגער: פון אייערע בריוו האָט זיך ביי מיר געשאַפן דער איינדרוק, אַז ער האָט שוין באַרוכן פאַרגעסן.

קלאַראַ: איך האָב זיך אַליין גענאַרט, ווייל אויסערלעך איז ער רואיק. ער מיידט אויס צו רעדן וועגן אים. אָבער איצט זע איך, אַז ער האָט ניט פאַרגעסן. דער ווייטיק הערט ניט אויף צו טליען אין אים.

פילינגער: איך האָב דערפילט זיין בקשה און געשטעלט אַ מצבה איבער זיין קבר. קוים געקראָגן די הסכמה פון די באַ־אַמטע פון דעם אידישן בית־עולם. לויט זייער מנהג שטעלט מען אַ מצבה ערשט אין אַ יאָר אַרום נאָך דער קבורה.

קלאַראַ: ער וויל מיט דער צייט איבערפירן זיין קערפּער אויף אַן אַנדער אָרט. ער וויל אַז זיין קערפּער זאָל ליגן אונ־טערן פונדאַמענט פון זיין בנין פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַקאַדעמיע.

פּילינגער: ער איז אַלעמאָל געווען צומאָל סענטימענ־טאַל.

קלאַראַ: רעדט אָבער ניט מיט אים וועגן דעם. מיידט בכלל אוים צו רעדן צו אים וועגן ענינים, וואָס וועלן אים אַרויפ־פירן אויפן געדאַנק אָט די אַמאָליקע געשעענישן. ער שוידערט ווען ער דערמאָנט זיך ווי באַרוך איז געפּייניקט געוואָרן. (און נאָך אַ קורצער פּויזע פאַנגט זי אָן:) איך קען זיך אין דעם אַליין קיין קלאָרן חשבון ניט אָפּגעבן, אָבער איך האָב אַ געפיל, אַז האָפּמאַן וואָלט מיך געדאַרפט אויסמיידן. און אַז ער מיידט מיך ניט אוים איז מיר אַ חידוש . . .

פּילינגער (פאַרוואונדערט): וואָס הייסט?

קלאַראַ (איר שטימע פאַנגט אָן ציטערן מיט ווייטיק): דאָס איז דאָך פּאָרט מיין פאָלק און מיין לאַנד, וואָס האָבן באַ־רוכן פאַרפּייניקט, האַלטן זיין מוטער געפאַנגען און אים אַליין דערשעפּט . . .

פּילינגער: א י י ע ר לאַנד און פאָלק? . . . און ניט אויך האָפּמאַנס?

קלאַראַ: יאָ . . . אָבער? . . .

פּילינגער: האָפּמאַן דענקט ניט, אַזוי ווי די נאַציס אַז ער וואַלט געווען ביטער אַנטוישט, ווען ער הערט די דאָ־לערנען, אַז אידן זיינען אַן אַנדער ראַסע . . . דענקט איר ניט, זיקע ווערטער פון אייך . . . (פּויזע) חוץ דעם, איז עס דען איי־ער שולד?

קלאַראַ: דאָך בין איך באַהערשט פון שרעק . . . עס איז, הפּנים, אַ מהלך צווישן געדאַנק און אינסטינקט אַפילו ביי אַזעלכע ווי האָפּמאַן . . . געדענקט איר, וואָס עס האָט געווירקט אויף אים, אַז ער זאָל מיט ווייטיק צערייסן דעם בריוו, וואו עס איז אים אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז ער קריגט דעם נאָבעל־פּריז?

פילינגער: איך דערמאָן זיך . . . איצט פאַרשטיי איך אייך . . .

קלאַראַ: לגבי איצט איז דאָך יענער צופאַל געווען אַ קליי־ניקייט. (טרויעריק) און איצט . . . ווען נאָך די דאָזיקע טרוי־עריקע געשעענישן וואָלט ער ניט מיך געטראָפן און ווען ניט אויף מיר וואָלט צום ערשטן געפאַלן זיין בליק ווי נאָר ער איז דאַן צוריקגעקומען צום באַוואוסטזיין, ווען ניט איך וואָלט אים דאַן אַרויסגעראַטעוועט פון דייטשלאַנד און געבראַכט אַהער אין זיכערקייט, — וואָלט ער זיך געווים אָפּגעקערט פון מיר. אָט דער באַוואוסטזיין מינערט אפשר זיין שרעקלעכע וויזיע, אָבער באַפרייען זיך פון איר אינגאַנצן — ווער ווייסט צי ער קען . . .

פילינגער (גערירט): און איר האָט אים זייער שטאַרק ליב, פריילין פאָן ווירטענבערג?

קלאַראַ: איך לעב אין אים. אין זיין גרויסקייט לעב איך, הער פילינגער. (זי הויבט אויף צו אים אירע הענט) איר זעט, מיין גאַנצע לייב און לעבן, אַפילו ביז מיינע שפּיץ פינגער זיינען אין אים אַריינגעטאָן. איך ווער באַנומען פון זיין גרויסן גייסט. אין זיין דערהויבונג בין איך אויך דערהויבן. ווען איך וויים, אַז איך וואָלט דורכדעם געלינדערט זיינע ליידן, וואָלט איך פרייוויליק פון אים אַוועק.

פילינגער: וואָלט איר דאָס געקענט טאָן?

קלאַראַ: ווי די פּאַרציייטיקע קדושים וואָס פלעגן ליי־טערן זיך דורך פּיין, אַזוי פיל איך אַ ליידנשאַפט פאַר אומגעהויי־ערע ליידן אויסצוקויפן די זינד פון מיין פאָלק און מיין פאָטער־לאַנד . . .

פילינגער: איך פאַרשטיי אייך . . .

קלאַראַ (קוקט אין מרחק אַריין. פלוצים ווערט איר פּנים ליכטיק. זי שטעלט זיך אויף און ציינט אָן דורכן פענצטער): אָן גייט ער! זעט ווי הערלעך ער איז!

פילינגער (קוקט אויך אַהין): יאָ . . .

(פֿויזע. זיי קוקן דורכן פֿענצטער. ביז וואַנען קלאַראַ דערמאָנט זיך:)

קלאַראַ: איך וועל גיין צוגרייטן פֿרישטיק.

פֿילינגער: און איך וועל גיין באַגעגענען אים.

(ער גייט צום אַרויסגאַנג, לינקס. קלאַראַ שטייט נאָך אַלץ אויף איין אָרט און קוקט פֿאַרטראַכט דורכן פֿענצטער.)

פֿאָרהאַנג.



# בילד צוועלף

אַ האָטעל־צימער אין זשענעווע, שווייץ. רעכטס אַ טיר צום שלאָף־צימער; לינקס אַ טיר צום אַרויסגאַנג. אין הינטערגרונט, צוויי פענצטער און צווישן זיי אַ שרייב־טיש.

דער זעלבער פרימאָרגן ווי אין פאָריקן בילד, מיט אַ שטונדע שפּעטער.

ביי אַ טיש אין מיטן צימער זיצן העגרי דייווים, אָטאָ און מאַריאַ פאָן ווירטענבערג און עסן פרישטיק.

אָטאָ פאָן ווירטענבערג איז אַ מאַן אין די פופ־ציקער יאָרן, מיט שאַרפע, בייזע אויגן, שווערע וואָנצעס, מיטל וואוקס, ברייטע פּלייצעס און מאַכט גלייך דעם איינדרוק פון אַ יונקער, אַ שטרענגן מיליטערישן מאַן.

אין גרויסן קאָנטראַסט צו אים זעט אויס זיין פרוי, מאַריאַ. מיקען גלייך מערקן אַן ענלעכ־קייט צווישן איר און קלאַראַן. איר אויסזען איז ווי פון אַן איידעלער, ראַפינירטער און גוטהאַר־ציקער פרוי פון אַ יאָר אַכט און פערציק. אירע דע האָר, וואָס האַלטן שוין ביי גרוי ווערן. אירע שטאָל־גרויע אויגן דריקן געוויינלעך אויס אַ קאַלטע, קלאָרע רואיקייט, אָבער אונטער די איצ־

טיקע אומשטענדן שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ די שרעק און אומרואיקייט, אין וועלכער זי געפינט זיך.

פֿאָן ווירטענבערג קוקט אַריין אין אַ צייטונג. זיין פרוי גיסט אָן קאַווע, וואָס זי דערלאַנגט דייוויסן און אים.

דייוויס (נעמט פון איר די קאַווע) : אַ דאַנק.

פֿאָן ווירטענבערג (לייגט בייז אַוועק די צייטונג און פאַנגט אָן האַסטיק מישן די קאַווע) : איך ווער אויפגערעגט ווען איך לייען אויסלענדישע צייטונגען. ווי געמיין דאָס איז, וואָס די היגע פּרעסע האָט זיך דערלויבט באַאיינפלוסט צו ווערן פון דייטשלאַנדס שונאים אום צו מיסרעפּרעזענטירן פאַקטן.

דייוויס (מעשה פילאָזאָף) : ס׳ווענדט זיך ווי מען קוקט אויף אַן אַן ענין. עס זיינען דאָ תמיד פאַרשיידענע שטאַנד־פונקטן אויף אַ זאַך. פאַרשיידענע צדדים קענען האָבן פאַר־שיידענע טענות.

פֿאָן ווירטענבערג (אומגעדולדיק) : וואָס פאַר אַ צדדים קענען דאָ זיין ? ס׳איז אַבזיכטלעכע מיסרעפּרעזענטאַציע און פאַלשע אויסטייטשונג פון ווירקלעכע געשעענישן. און אויף דער שווייץ איז מיר ווירקלעך אַ חידוש. זי און דייטש־לאַנד זיינען ניט נאָר נאָענטע שכנים, נאָר זיי פאַרמאָגן דאָך אַן איינהייטלעכע קולטור. דער גרעסטער טייל פון איר באַ־פעלקערונג רעדט דאָך דייטש. די שווייץ נערט זיך דאָך, אַזוי צו זאָגן, פון דער דייטשער קולטור. און דאָך זעט ווי אומ־ווייסנדיק זיי זיינען. סאַר׳אַ ווען זיי מאַכן דאָס פון דעם, וואָס היינט ווערט די דייטשע שטודירנדיקע יוגנט אויסדריקן זייערע פאַטריאָטישע געפילן און אומברענגען אויף שייטערהויפנס איי־ניקע ביכער. זיי רעכענען זיך ניט דערמיט, וואָס דאָס איז בלויז אַ ריין דעמאָנסטראַטיווער אויסדרוק פון אַ נאָבעלן גע־

פיל צוריקצושטעלן די ריינקייט פון דער דייטשער קולטור און צו באַפרייען זי פון פרעמדע, שעדלעכע איינדרוקן, — נאָר זיי שטעלן דאָס פאָר אין אַ ליכט פון פאַנאַטיזם און באַרבאַרישן צוריקקער צום מיטלאַלטער. פונקט ווי אַזעלכע שעדלעכע און פאַרפירערישע דעמאַגאָגן, געמיינע פעלשער און אידן, ווי לע־נין, מאַרקס און זייער גלייכן, וואָלטן ווירקלעך געווען די אַפּאָס־טאָלן פון פראָגרעס.

דייוויס: איך בין מיט אייך פולשטענדיק מסכים, הער פאָן ווירטעמבערג, אַז אַזעלכע שעדלעכע ביכער, ווי די וואָס איר האָט דערמאָנט, דאַרפן פאַרבאָטן ווערן. זייער שאָדן איז גרויס. זיי רופן אַרויס פאַלשע און פאַרפירערישע אילוזיעס ביי די לייענער און זיי פאַרסמען זייער גייסט. איבערהויפּט שעדלעך זיינען זיי פאַר דער יוגנט און פאַר די אַרבעטער. צוליב וואָס זאָלן זיי בכלל דאַרפן לייענען אַזעלכע שרייבערייען. אַ גוט־רעדאַקטירטע צייטונג, מיט אַ סך ספּאָרט־אַרטיקלען איז גענוג פאַר זיי. דאָך טאָרן מיר ניט פאַרגעסן, אַז מיר לעבן איצט פאָרט אין אַן אומרואיקער צייט און מען דאַרף זייער פאָרזיכטיק זיין מיט עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס. צוליב וואָס אויפרייסן די אויגן פון דער וועלט? צוליב וואָס דאָס עפנטלעכע ברענען פון ביכער און דערמיט געבן וועמען עס איז אַן אויסרייד פאַר אַנטי־דייטשער פראָפּאַגאַנדע? מען וואָלט די זעלביקע ביכער געקענט פאַרניכטן אויף אַ שטילן און רואיקן שטייגער און מיט נאָך ווירקזאַמערן עפעקט. אין וואָס מיר נויטיקן זיך איז אַ גוטע פרעסע, וואָס זאָל אָנפירן דעם טאָן, וואָס די אַרבעטער זאָלן לייענען. און וואָס באַלאַנגט די אידן — וואָלט אייך כדאי געווען, אַז מען זאָל נישט אויפהויבן אַזאַ טומל . . . (איראָניש) אַ גליק וועט באַטרעפן דייטשלאַנד, אַז מ׳וועט דאָרט אויסהרגענען עטלעכע הונדערט, אָדער אַפילו — עטלעכע טויזנט אידן . . . די אידן — ווען מ׳שלאָגט זיי — האָבן זיי די טבע פון חזירים: זיי קוויטשען אַזוי, אַז עס ווערט ניט גוט . . . אַ פאַסקודנע אומה . . .

מאַריאַ: אַ מערקווירדיקן אַרטיקל האָב איך נעכטן געלייענט אין אַ היגער צייטונג, אַז היטלער זעלבסט שטאַמט

פון אידן און אַז ער איז אַן אומגעזעצלעך קינד . . .

דייוויס: איך האָב עס אויך געליינט. די נייעס איז דערפונדן געוואָרן פון אידן. זיי זיינען אויף אַלץ פעאיק — אַפילו היטלערן צו אַדאָפּטירן . . .

פאָן ווירטענבערג: (קוקט זיך אַרום איבערן צימער מיט אינסטינקטיוון חשד): דאָ וועט זיך צו אונדז קיינער ניט צוהערן און מיר מעגן ריידן אָפן — איך בין זיך מודה, אַז איך האָב קיינמאָל קיין צוטרוי ניט געהאַט צו היטלערן. דייטש־לאַנד וועט זיך קיינמאָל ניט קענען שטעלן אויף איר געהעריקער הויך, כל זמן זי ווערט אָנגעפירט פון אַ המון, אָדער פון אַ מענטשן פון המון. כל זמן אירע פּרינצן זיינען אין גלות און כל זמן אירע אַדלליים וועלן ניט צוריקגעשטעלט ווערן צו זייער פירערשאַפט, וועט נאָך דייטשלאַנד אַלץ צוריקגעשטאַנען זיין. געוויס איז היטלער אַ גרויסער פאָרטשריט לגבי די סאָציאַ־ליסטן און קאָמוניסטן, אָבער לגבי דער גלאָריע פון דער אַמאָ־ליקער קייזערלעכער דייטשלאַנד איז ער נאָך אַלץ אַ דעגראַ־דאַציע. ניט אומזיסט האָט זיך פאָן הינדענבורג געקווענקלט ביז וואַנען ער האָט איבערגעגעבן די מאַכט צו די נאַצים. אָ, די וואָס געדענקען די אַמאָליקע דייטשלאַנד וועלן זיך ניט באַ־רואיקן ביז וואַנען איר פאַרגאַנגענע גלאָריע וועט זיך צו איר צוריקקערן! . . . היטלער איז ניט מער ווי איין שריט פאָרויס אויפן וועג פון אונזער צוקונפטיקער הויך.

דייוויס: איך פאַרשטיי אייערע נאָבעלע געפילן, הער פאָן ווירטענבערג, און איך פאַרזיכער אייך, אַז איך סימפּאַטיזיר מיט אייך פולשטענדיק. איך שטעל זיך פאָר, אַז עס איז זייער שווער פאַר אַ מאַן פון אייער גרויסן יחוס, וועלכער איז געווען אַן אָנגעזעענער ריטער אין דער גלאָררייכער קייזערלעכער גוואַרדיע, — צו געפינען זיך אונטער אַ דיסציפּלין פון מענטשן פון אַ נידעריקן שטאַם.

פאָן ווירטענבערג (באַרימעריש): נאָכן שלאַכט ביי דער מאַרנע האָט דער קרוין־פּרינץ זעלבסט מיך דעקאָרירט־ מיטן אייזערנעם קרייץ און האָט דערהויבן מיין מיליטערישן

ראַנג (און דערנאָך טרויעריק) און איצט בין איך געצוואונגען צו אָנערקענען פאַר מיין הויפּט היטלערן, וועלכער איז געווען אַ פּשוטער אונטער־אָפיציר אונטער מיין קאָמאַנדע . . .

דייוויס: נו, נאַפּאָלעאָן איז אויך אויפגעקומען פון אַ נידעריקן ראַנג. דאָס דאַרף אייך ניט אַרן, הער פאָן ווירטענבערג. איך בין זיכער, אַז אַפילו היטלערס רעגירונג וועט נאָך אָפּשאַצן אייערע גרויסע פאַרדינסטן און פעאיקייטן און זי וועט זיי ווי געהעריק אָנערקענען און וועט אייך באַלוינען. עס איז גאַנץ זיכער, אַז דאָס קריגס־מיניסטעריום וועט זיך אָן אייך ניט קענען באַגיין און איר וועט נאָך דאָרט פאַרנעמען אַ פּלאַץ, וואָס עס קומט אייך לויט אייערע פאַרדינסטן און נאָבעלן שטאַם. יעדנפאַלס וועל איך דאָרט אויסאיבן מיין איינפלוס, אויף וויפיל עס וועט נאָר פאַר מיר מעגלעך זיין.

פאָן ווירטענבערג: אָ, איך וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין, מר. דייוויס.

דייוויס: איר קענט זיך דורכאויס פאַרלאָזן אויף מיין אויפריכטיקער פריינטשאַפט צו אייך, הער פאָן ווירטענבערג. איך מוז אָבער צוגעבן, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער שטער, וואָס וועט מיר זייער שווער זיין בייצוקומען. לײדער זיינט איר איצט היבש דיסקרעדיטירט אין דייטשלאַנד . . .

מאַריאַ: איר מיינט קלאַראַן? . . .

דייוויס: פאַרשטייט זיך.

פאָן ווירטענבערג (מיט אַ קרעכץ): איך ווייס עס זייער גוט, מר. דייוויס, און ס'איז ווי אַ טיפער וואונד ביי מיר אין האַרצן.

מאַריאַ: איך גלויב, אַז מיר אַלע איבערטרייבן די זאַך מער איידער עס איז אין דער ווירקלעכקייט.

דייוויס: איך בעט אַז איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, אָבער איר זיינט זיך טועה, מאַדאַם פאָן ווירטענבערג. איך ווייס אַז אייער נאָבעלער ווייטיק איז טיף און עס טוט מיר לייד דאָס אייך צו זאָגן, אָבער איך מוז צוגעבן, אַז צווישן די רעגירונגס קרייזן איז מען גערעכט, וואָס דאָרט קוקט מען אומגינסטיק

אויף אַזאַ ענין. עס איז אַן ערנסטער ענין, ווען אַ טאָכטער, אַן איין־איינציקע טאָכטער נאָך דערצו, פון אַ העכסט אַריס־טאָקראַטישער פאַמיליע, פאַרראַט איר לאַנד און איר שטאַנד און ווערט אינטים מיט אַ אידן, וועלכער ווערט, חוץ דעם, אויך באַשולדיקט אין הויך־פאַרראַט. ווי קען מען דעם פאָטער פון אַזאַ טאָכטער געזעלשאַפטלעך דערהויבן? וואָס פאַר אַ מוס־טער קען אַזאַ מאַן זיין אין דער דערציאונג פון דער יוגנט? ווי קען ער געווינען צו זיך די געהעריקע אויטאָריטעט אין רע־גירונגס קרייזן? ווייסט איר, אַז ווען אייער טאָכטער קומט איצט צוריק קיין דייטשלאַנד און ווען זי האָט דאָרט קיין פּראָ־טעקציע ניט, וואָלט זי פאַרמשפּט געוואָרן פאַר אַ טאָפּלטן פאַרברעכן — פאַר העלפן אַ פאַרברעכער צו אַנטלויפן און פאַר שטיצן אַ אידן, וואָס דאָס איז אויך אַ זינד? . . .

מאַריאַ (טרויעריק): אָרימע קלאַרכען . . .

פאָן ווירטענבערג (בייז): מיין ווייטיק איז דערמיט נאָך גרעסער, מאַריאַ, וואָס איך זע, אַז אַפילו איצט געפינען זיך נאָך אין דיר וואַרימע געפילן צו קלאַרען און דו ביזט גרייט צו פאַרענטפערן זי.

דייוויס: מאַדאַם פאָן ווירטענבערגס סענטימענטן, לויט מיין מיינונג, זיינען זייער נאָבל. יוגנט איז פאַרפירעריש און, צום באַדויערן, קורצזיכטיק. פריילין פאָן ווירטענבערג דאַרף דעריבער מער באַדויערט איידער געטאַדלט ווערן.

פאָן ווירטענבערג (מיט ווייטיק): קלאַראַ איז פון קליינ־וויז אַן געווען אַ דיסהאַרמאָניע אין אונזער הויז. בעת דער מלחמה אַפילו, ווען איך האָב געקעמפט פאַר דער גלאָריע פונם פאָטערלאַנד, איז זי שוין באַווירקט געוואָרן פון שעדלע־כע ראַדיקאַלע שטימונגען און זי האָט געקעמפט קעגן פאָ־טערלאַנד, קעגן מיר, וואָלט מען געקענט זאָגן.

דייוויס: אָ, זיינט ניט פאַרצווייפלט, הער פאָן ווירטענ־בערג. איך בין זיכער אַז דאָס מאָל וועט זיך אייער טאָכטער צוהערן צו אייער לאָגיק און אַלץ וועט זיין אין בעסטער אָרד־נונג. און ווען אונדז זאָל זיך איצט איינגעבן ניט נאָר צוריק־

קריגן זי, נאָך דורך איר אַריינקריגן אויך לאַזאַר האָפמאַנס דער־פינדונג, וועט אייער שטערן אויפלייכטן אויפדאָסניי.

(ער נעמט פון קעשענע אַרויס אַ דאָקומענט)

זעט איר וואָס דאָס איז? . . .

פאָן ווירטענבערג (קוקט אין אים אַריין און ווערט צעטומלט): די צייגניש פון אייגנטום אויף מיין מאַיאָנטעק אין אַסטענד! . . .

מאַריאַ (פיינלעך איבערראַשט): אַסטענד? . . .

דייוויס (כלאַחר יד): אָ, דאָס איז אַ קליייניקייט . . . ווען איך האָב געזען ווי דערשיטערט איר זיינט געווען ווען מען האָט ליציטירט אייער מאַיאָנטעק, האָב איך זיך געטראַכט, אַז איך וועל אייך דערפרייען און איך האָב אייער מאַיאָנטעק צוריקגעקויפט. איצט וועט איר אים צו יעדער צייט קענען צוריקקריגן. דאָס וועט זיין מיינע אַ מתנה צו אייך . . .

פאָן ווירטענבערג (אין גרויס עקסטאַז): מר. דייוויס . . . איר . . . איר . . . מיינט עס ערנסט? . . .

מאַריאַ (אין דער זעלביקער שטימונג): אָ, מר. דייוויס!

דייוויס: איך בין שטענדיק גרייט צו דינען אַ פריינט . . . פאַר מיר האָט עס קיין ווערט ניט. איך האָב עס געקויפט פאַר זייער ביליק — אינגאַנצן צוויי הונדערט פינף און פערציק טויזנט מאַרק . . .

מאַריאַ (איבערראַשט פון דער גרויסער סומע): צוויי הונדערט פינף און פערציק טויזנט! . . .

פאָן ווירטענבערג (הויבט זיך אויף אין מוראדיקער אויפרעגונג): אָ, מר. דייוויס! . . . איך ווייס גאָר ניט ווי אויסצודריקן אייך מיין דאַנקבאַרקייט! . . . (און ער איז גרייט אַרומצונעמען און קושן אים).

דייוויס (מיט זיין קאַלטקייט האַלט ער פאָן ווירטענבערגן צוריק): ס'איז בלויז אַ קליייניקייט, הער פאָן ווירטענבערג. איר דאַרפט דערפון ניט אַזוי נתפעל ווערן. (און מיט אַ באַוועגונג פון גלייכגילטיקייט) ווי נאָך אייער טאָכטער ברענגט

אונדז לאַזאַר האָפּמאַנס דערפינדונג, קריגט איר גלייך צוריק אייער מאַיאָנטעק.

מאַריאַ און פאָן ווירטעמבערג: (ביידע אַנטוישט, פאַרנעמען זיי צוריק זייערע פלעצער. מאַריאַ ווישט זיך די אויגן).

דייוויס (איז צופרידן פון דעם עפעקט פון דער זאַך, ער מאַכט זיך אָבער אַז ער האָט קיין זאַך ניט געמערקט): דענקט ניט, אַז ס'איז אַזאַ שווערע זאַך צו דערגרייכן. אום צו ראַטעווען זיין מוטער אין דייטשלאַנד, וועט האָפּמאַן אַליין אַנטקעגן קומען מיט זיין דערפינדונג. ער ווייסט וואָס אין דייטשלאַנד קען איר דערוואַרטן . . .

מאַריאַ (פאַרוואונדערט): זיין מוטער? . . . וואו איז זיין מוטער?

דייוויס: אין דייטשלאַנד. מיט דער הילף פון האָפּמאַנס דינסט האָט זי זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. די דייטשע אויטאָריטעטן האָבן זי אָבער געפונען און זי ווערט דאָרט איצט געהאַלטן אַלס משכון.

מאַריאַ: אָבער זיין מוטער איז דאָך אומשולדיק . . .

פאָן ווירטעמבערג: אומשולדיק? . . . ווער ווייסט? אַפילו אַז זי איז אומשולדיק, איז זי אויך שולדיק . . . אין דער צייט פון מלחמה ליידן פיל אומשולדיקע . . . (און דאַן ווענדט ער זיך צו דייוויסן) מיר האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז זיין דערפינדונג זאָל האָבן אַזאַ גרויסן ווערט.

דייוויס: איר ממשותדיקער ווערט איז אפשר ניט אַזוי גרויס. זי קאָן אָבער ברענגען שאָדן און דאָס טאָר ניט דערלאָזט ווערן. די וועלט ווערט זייער אומרואיק פון אַזעלכע דערפינדונגען. האָפּמאַן פראָקלאַמירט, אַז זיין דערפינדונג קען אַוועקשטעלן אין הינטערגרונט די איצטיקע מעטאָדן פון פאַבריקאַציע. זיין דערפינדונג מוז פשוט פאַרניכטעט ווערן.

פאָן ווירטעמבערג: לוינט זיך דאָס פאַר דער דייטשער רעגירונג אַזויפיל אָנשטרענגען זיך אום בלויז צו פאַרניכטן אַ נאַרישע דערפינדונג?

דייוויס: ס'איז ניט אַזוי נאַריש, ווי איר שטעלט זיך פאָר. איבערהויפּט ווען מען באַטראַכט עס פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט. איר, אַלס אַ מיליטערישער מאַן, דאַרפט עס וויסן.

פאָן ווירטענבערג: ס'איז אמת. הגם איך בין נאָך אַלץ אַן אָנהענגער פון אַלטע מיליטערישע מעטאָדן. מלחמה האָט שוין באַלד פאַרלוירן איר ריטערלעכקייט. וואָס פאַר אַ זין קען מלחמה האָבן, ווען זי ווערט שוין מער ניט אָנגעפירט פון זעלנער און סטראַטעגיקער, נאָר מערסטנס פון כעמיקער און אינזשענערן? . . .

דייוויס: איך האָב דרך־ארץ פאַר אייער שטאַנדפּונקט, אָבער איך גלויב ניט, אַז מלחמה דאַרף אָנגעפירט ווערן צוליב איר ספּאָרט. די הויפּט זאַך איז דאָס געווינס, און דאָ קען מען זיך ניט דערלויבן צו זיין עטיש און סענטימענטאַל. דייטש־לאַנד וועט אייך מוחל זיין די עטיק פון דער זאַך, אויב נאָר זי זאָל קענען דערגרייכן, אַז אירע גרענעצן זאָלן זיך ציען פונם פּאַסיפיק ביזן אַטלאַנטיק. מיטן געהעריקן וואָפן אין אי־רע הענט קען דייטשלאַנד דערגרייכן, אַז איבער דער וועלט זאָלן פאַרבלייבן בלויז צוויי הערשאַפטן: דייטשלאַנד איבער איר קאָנטינענט און די פאַראייניקטע שטאַטן איבערן אַמערי־קאַנעם קאָנטינענט.

פאָן ווירטענבערג (מיט אַ טאָן פון חניפה): און איר איבער אַלעמען, מר. דייוויס?

דייוויס (שטאָלץ): פאַרוואָס ניט? איך בין אַן אָנ־הענגער פון דאַרווינען — דאָס איבערלעבן פון די צוגעפּאַסט־סטע . . . מיין פאָטער איז געווען אַן אָרימער שמיד און איך אַליין האָב אַלס קינד פאַרקויפט צייטונגען אויפן גאַס . . . און איצט — קוקט מיך נאָר אָן — מיינע גרעעג־פערד ווערן אויפ־געפּאַסט פון אַ רוסישן פּרינץ און דעם צאַר ניקאָלאַיס לייבלע־כע קוזינע איז אַ דינסט ביי מיר אין הויז . . .

(ער מערקט אַן אויסדרוק פון באַליידיקטן שטאָלץ אויף פאָן ווירטענבערגס פנים, טוט ער אים וואוילויונגעריש אַ פּאַטש איבער דער פּלייצע)

אָבער ניט געזאָרגט, הער פאָן ווירטענבערג! איר וועט נאָך צוריקקריגן אייער מאַיאָנטעק און איר וועט נאָך אויך פאַר־נעמען אַ גרויסן אַמט אין דייטשן קריגס־מיניסטעריום. איר קענט זיך אויף מיר פאַרלאָזן!

(אַ קלאַפּ אין טיר)

פאָן ווירטענבערג: אַריין!

האָטעל באַדינער (קומט אַריין): אַ בריוו פאַר הער אָטאָ פאָן ווירטענבערג.

(דערלאַנגט אים דעם בריוו און גייט אַרויס).

מאַריאַ (נייגעריק): פון קלאַרען?

פאָן ווירטענבערג: יאָ. (ער עפנט דעם בריוו און לייענט אים פאַר זיך).

מאַריאַ (גערירט): אָ, קלאַרכען . . . פון דערווייטנס האָב איך איר האַנטשריפט דערקענט. וואָס שרייבט זי?

פאָן ווירטענבערג (פאַרביטערט): ווי מען קען פון איר דערוואַרטן. זי וויל אַהער ניט קומען.

מאַריאַ: זי וויל זיך מיט אונז ניט טרעפן?

פאָן ווירטענבערג (קערט איבער אַ בלעטל): זי וויל זיך מיט אונדז יאָ טרעפן — — (לייענט) זי קען אָבער אַהער ניט קומען — — — (פאַרביטערט) אַוודאי קען זי ניט . . . זי בעט, אַז מיר זאָלן צו איר אַריבערקומען — — — אום עלף אַזייגער — — — הם . . . איך זאָל איר גלייך מעלדן, אויב מיר קומען — — — (פאַרמאַכט דעם בריוו) אָט האָסטו זי דיר . . .

מאַריאַ (נייגעריק): גיב עס מיר דורכלייענען!

(ער גיט איר דעם בריוו. זי נעמט אים און רעדט אַרויס כמעט ווי מיט טרערן:)

אָ, קלאַרכען! . . .

(לייענט אומגעדולדיק. קוקט אויפן זייגער)

שוין שפּעט. לאָמיר זיך צואיילן!

פאָן ווירטענבערג: צואיילן זיך? מ׳דאַרפט זיך צו־ערשט באַטראַכטן.

מאַריאַ (פאַרוואונדערט): באַטראַכטן זיך? . . .

דייוויס: ניטאָ וואָס צו איילן זיך, מאַדאַם פאָן ווירטענבערג. מיין אויטאָמאָביל וועט אייך אַהין ברענגען אין ווייניקער פון צען מינוטן.

פאָן ווירטענבערג: דענקט איר, מר. דייוויס, אַז איך זאָל גיין צו איר?

דייוויס: קיין פראַגע ניט.

פאָן ווירטענבערג: אָבער צו איר אין הויז? . . . לייכטזיניק לאָזן זיך אַריינגאַרן? . . . אפשר איז דאָרט אַ פאַסטקע אונטערגעשטעלט . . .

מאַריאַ (פיינלעך איבעררא̇שט): אָ, אָטאָ, ווי פאַלט גאָר דיר איין? . . . אויף אונדזער קלאַרכען!

פאָן ווירטענבערג (בייז): שווייג, מאַריאַ! דו רעגסט מיך אויף! אונטער דעם איינפלוס, אין וועלכן זי געפינט זיך, קען איך איר מער ניט טרויען.

מאַריאַ (פיינלעך): ביזט אומגערעכט, אָטאָ!

פאָן ווירטענבערג: צווישן אידן און פאַררעטער איז זי אפשר אַליין אומבאַהאָלפן . . .

מאַריאַ: (טיף באַליידיקט פאַר איר טאָכטער, ווישט זי זיך אין איר אומבאַהאָלפנקייט די אויגן).

דייוויס: איך בין אויך אונטערן איינדרוק, אַז איר האָט ניט וואָס מורא צו האָבן. איר מוזט אָננעמען איר איינלאַדונג און פאָרן צו איר.

מאַריאַ: הייליקע מוטער, אַז עס זאָל נאָר ניט צו שפעט זיין! — —

דייוויס: וואָס מיינט איר דערמיט?

מאַריאַ: און ווי אַז זיי האָבן שוין חתונה געהאַט . . .

דייוויס: אָ, דאָס איז וואָס איר מיינט? אויף וויפיל מיר איז באַקענט האָבן זיי נאָך ניט חתונה געהאַט. און אַז יאָ, איז אויך קיין סכנה ניט. וועלן מיר די חתונה אַנולירן.

פאָן ווירטענבערג (דערשראָקן): וואָס רעדט איר,

מר. דייוויס? איך זאָל אַזאַ חרפּה אַרויסברענגען פאַר דער עפנטלעכקייט? — —

דייוויס: די עפנטלעכקייט, ווען מען וויל נאָר, קען מען זייער לייכט אויסמיידן. (און דערנאָך גיט ער צו פולבאַדייטיק) פריילין פאָן ווירטענבערגס רעפּוטאַציע, בין איך זיך מודה, האָט פאַר מיר אַפילו אַן אינטימן ווערט . . . דאָך, ווי איר זעט, בין איך גאַנץ רואיק.

פאָן ווירטענבערג (פאַרוואונדערט): מר. דייוויס! איר מיינט צו זאָגן . . .

דייוויס: (שאָקלט פולבאַדייטיק מיטן קאָפּ).

פאָן ווירטענבערג (צופרידן): ס'איז ווירקלעך אַן איבערראַשונג . . .

מאַריאַ (קענטיק אומצופרידן, דאָך איז זי העפלעך): אַ, ווען קלאַרכען וואָלט עס געוואוסט . . .

דייוויס: אויב איר דענקט, אַז ס'וועט פאַרלייכטערן די לאַגע, קענט איר עס איר איצט זאָגן.

פאָן ווירטענבערג: זי וועט זיך געוויס פרייען.

מאַריאַ: אפשר וועט זי מסכים זיין נאָך היינט צוריק־צוקומען צו אונדז.

דייוויס: זי טאָר זיך ניט איילן. זי טאָר האָפמאַנען ניט פאַרלאָזן מיט ליידיקע הענט . . .

מאַריאַ (מיט אַנטריסטונג, וועלכע דייוויס מערקט אָבער ניט): געוויס . . .

דייוויס (קוקט אויף זיין זייגער): און איצט וועל איך גיין און באַשטעלן פאַר אייך מיין אויטאָמאָביל. (נעמט אַרויס זיין פאָרטסיגאַר): אַ סיגאַר, הער פאָן ווירטענבערג? אַ ריי־נער האַוואַנער!

פאָן ווירטענבערג: אַ דאַנק.

(זיי פאַררויכערן).

פאָן ווירטענבערג: מען דאַרף שרייבן קלאַראַן, אַז מיר קומען אַריבער צו איר.

דייוויס: און איך וועל דערווייל גיין און באַזאָרגן ווי אָפּצושיקן אייער בריוו.

(ער גייט אַרויס און פאָן ווירטענבערג גייט צו צום שרייב־טיש).

מאַריאַ (ווי נאָר דייוויס גייט אַרויס, טרעט זי צו, לאַש־צענדיק זיך צו איר מאַן): **אָטאָ טייערער, איך וויל דיך עפּעס בעטן.**

ער: יאָ?

זי: פאַרשפּרעך, אַז דו וועסט מיר נאָכגעבן.

ער: ווייסט, אַז איך פאַרשפּרעך ניט בלינדערהייט.

זי: איך וויל בלויז ד י ך פאַרהיטן. טו עס מיר צוליב.

ער: זאָג, וואָס.

זי: לאָז דאָ איבער דיין רעוואָלווער — —

ער: האָסט מורא?

זי: מורא האָב איך ניט, נאָר ס׳וועט זיין זיכערער . . .

ער: און אַז איך וועל זיך דאַרפן פאַרטיידיקן?

זי: פאַרטיידיקן זיך? . . . באַטראַכט זיך נאָר, אָטאָ, מיר גייען דאָך צו אונדזער קלאַרכען! . . .

(און זי גלעט און קושט אים)

ער (ווערט בייגעקומען): נו, גוט, מאַריאַ! איך וועל עס דיר צוליב טאָן. (נעמט אַרויס פון זיין קעשענע דעם רע־וואָלווער און גיט אים איר איבער).

זי: אָ, ווי דאַנקבאַר איך בין דיר, אָטאָ! און איצט, שרייב, און איך וועל גיין איבערטאָן זיך.

(זי גייט אַרויס, רעכטס. ער שרייבט. דייוויס מיט דעם האָטעל באַדינער קומען אַריין).

דייוויס: האָט איר דעם בריוו פאַרטיק?

פאָן ווירטענבערג: יאָ. אָט האָט איר אים.

(דייוויס גיט איבער דעם בריוו צום האָטעל באַדינער, וועלכער נעמט אים און גייט אַרויס).

דייוויס: וואו איז מאַדאַם פאָן ווירטענבערג?

פאָן ווירטענבערג (מיט אַ נויג מיטן קאָפּ אין יענער ריכטונג): זי טוט זיך איבער.

דייוויס (רעדט שטיל און פאַרזיכטיק): אַ סענטימענטאַלע פרוי... ניט אַנגענעם אין איר אנוועזנהייט צו רעדן וועגן דעם. אָבער הערט! איך האָב אַזוי אַראַנזשירט, אַז האָפמאַן זאָל קריגן אַ טעלעגראַמע פון זיין מוטער בעת איר וועט דאָרט זיין. איר פאַרשטייט?

פאָן ווירטענבערג: יאָ.

דייוויס: קענט איר אים דאַן דערקלערן, אַז ענטוועדער ער גיט זיך אונטער, אָדער זיין מוטער איז אין אויסערגעוויינלעכער געפאַר...

פאָן ווירטענבערג: איך פאַרשטיי. (טראַכט אַ ווייַלע) איך קען אָבער ניט פאַרשטיין צוליב וואָס מיר נויטיקן זיך דאָ אין מיין טאָכטערס איינפלוס? ער וועט זיך אַליין אויך אונטערגעבן.

דייוויס: איך בין אין דעם ניט אַזוי זיכער. דער טייוול זאָל אים נעמען — ער איז אַ פאַרצווייפלטער מענטש... ווער ווייסט ווי וויט זיין עקשנות קען אים פאַרטראָגן... אָבער ליבע — איר פאַרשטייט?... דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך... גיט אים צו פאַרשטיין, אַז, זאָל ער ניט פאַרעקשנען זיך, וועלן מיר אים ניט נאָר צורוו לאָזן, נאָר מיר זיינען אויך גרייט צו געבן אים אַ צוגאָב פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר און — לאָז ער זיך לאָזן וואוילגיין... איר פאַרשטייט? און אַז ער וועט נאָך אַלץ ניט נאָכגעבן, קענט איר דאַן פאַרהאַנדלען מיט אייער טאָכטער, אַז זי זאָל אייך אַרויסגעבן די דערפינדונג, אום צו ראַטעווען אים... (ער האַלט ביי אַרויסגיין און קומט צוריק) און געדענקט, ווען איר זיינט דערפאָלגרייך, איז אָפּשטענד צוריק אייערס... און גלייכצייטיק אויך אַ פּאָסטן אין קריגס-מיניסטעריום... (ער גייט צום אַרויסגאַנג) איך גיי איצט צו באַזאָרגן פאַר אייך דעם אויטאָמאָביל. איך וועל אויף אייך וואַרטן ביים אַרויסגאַנג.

(ער גייט אַרויס. פאָן ווירטענבערג באַגלייט אים מיט אַ בליק פול מיט האַס און בייזקייט. דערנאָך טוט ער אויס זיין מאָרגן־ראָק, גייט צו דער טיר, רעכטס, און רעדט אַהין אַריין:)

פאָן ווירטענבערג: זיי אַזוי גוט, מאַריאַ, און גיב מיר מיין ראָק.

מאַריאַ (פון דרויסן): איז מר. דייווים שוין אַוועק? (זי דערלאַנגט אים זיין ראָק און נעמט צו זיין מאָרגן־ראָק).

ער: ער איז אַוועק באַשטעלן זיין אויטאָמאָביל. (טוט אָן דעם ראָק).

זי (קומט אַרויס): העלף מיר נאָר פאַרשפּילען, אָטאָ! (ער שפּילעט זי) דערנקסטו, אָטאָ, אַז מר. דייווים איז אויפריכ־טיק און ער איז טאַקע פאַרליבט אין אונדזער קלאַרכען?

ער: דער טייוול ווייס אים. אַזעלכע ווי ער קענען זיך דערלויבן צו האָבן אַ פרוי אין יעדן לאַנד באַזונדער.

זי: מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז ניט אויפריכ־טיק.

ער: ער האָט אָט ערשט אָפּגעגט זיין פרוי. די דריטע שוין, דוכט מיר.

זי: עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז ער איז זייער אינטים מיט דע פלאַריאָן.

ער: ווער איז זי? (ענדיקט שפּילען איר קלייד) נו, פאַרטיק.

זי (כלומרשט פאַרחידושט): ווייסט אַפילו ניט ווער איז דע פלאַריאָן? אָ, אָטאָ, ביזט אַזוי אָפּגעשטאַנען.

ער: עס איז גענוג פאַר מיר, אַז איך ווייס ווער הינ־דענבורג איז, אָדער לודענדאָרף, אָדער מאַרשאַל פאָש, אַפילו.

זי: דע פלאַריאָן איז די באַרימטע פראַנצויזישע שויש־פּילערין. זי זאָגט מען, איז די צווייטע סאַראַ בערנאַרד. אָדער דו ווייסט אַפילו ניט ווער סאַראַ בערנאַרד איז געווען?

ער: אַן אַמאַזאָנקע? . . .

זי (לאַכט) : אין אַ געוויסן זין, יאָ. די אַמאַזאָנקע פון דער קונסט־וועלט.

ער (שמייכלט אויך) : איך קען זיך בלויז מיט אַמאַ־זאָנקעס פון שלאַכט־פעלדער . . .

זי (באַטראַכט ווי ער איז אָנגעטאָן) : וואַרט, איך וועל איבערבינדן דיין שניפּס. (זי טוט עס) ווי מאָדנע דו זעסט אויס אין ציווילע קליידער. (און דאַן כלאחר יד) ער איז אָבער אַזוי פאַרגרעבט . . .

ער : ווער? דע פלאַריאָן?

זי : דע פלאַריאָן איז ניט קיין ער, נאָר אַ זי . . .

ער : אָ, אַנטשולדיק.

זי : איך מיין, דייוויס.

ער : ער קומט פון זייער אַ נידעריקן שטאַם. (מיט פאַר־אַכטונג) ער זאָגט אַליין, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ שמיד.

זי : און ער איז אַזוי רייך! ווי קלייבט מען דאָס אָן אַזויפיל ביליאָנען?

ער : אַז מען איז נידעריק און מ׳פאַרמאָגט ניט קיין ערן־געפיל . . .

זי (פּרוּווט אים אויס) : און אפשר איז ער טאַקע ערנסט וועגן קלאַרבען? . . . (ענדיקט בינדן זיין שניפּס) פאַרטיק.

ער : הלוואי וואָלט ער נאָר ערנסט געווען! ס׳וואָלט ניט שלעכט געווען, ווי דענקסטו, מאַריאַ?

זי : אַזוי רייך ווי ער איז . . .

ער : איך קען אים אָבער צופיל ניט טרויען. ער איז מער אויסן די דערפינדונג. אַן אוצר ליגט קענטיק אין איר.

זי : און אַז ס׳וועט זיך אונדז ניט איינגעבען? אונדזער מי ה׳אָלט אַליך איינם ניט באַדאַרפט זיין אומזיסט.

ער : נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען. מיט ליידיקן וועל איך פון אים, מן הסתם, ניט אַרויס. (און ער ענדערט די טעמע) וואו איז מיין מאַנטל, מאַריאַ?

זי : אין שלאָף־צימער אין שאַפע. (ער גייט אַהין) זיי

**אַזוי גוט, אָטאָ, און ברענג אויך מיין מאַנטל.**

(ער גייט אַרויס. זי קוקט אים נאָך ווי ער פאַרשווינדט און אויף איר פּנים קומט אַרויף דער אויסדרוק פון שרעק און פאַרצווייפלונג. זי זינקט איין אין שטול, נעמט זיך פאַרן קאָפּ און, אומגליקלעך, שעפּטשעט זי:)

**און צו אַט דעם אָ האָב איך עס געבוירן מיין קינד . . .**

(און דערנאָך מיט אַ קול פון תּפילה:)

**הייליקע מוטער, אָ, ראַטעווע, ראַטעווע!**

(אַ קלאַפּ אין טיר. זי שפּרינגט אויף)

**אַריין! —**

האָטעל באַדינער (קומט אַריין): **מר. דייוויס לאָזט צו וויסן אַז זיין אויטאָמאָביל וואַרט אויף אייך.**

זי: **גוט. מיר קומען גלייך אַרונטער.**

(באַדינער אָפּ. זי רעדט אין טיר)

**אָטאָ, דער אויטאָמאָביל וואַרט שוין אויף אונדז.**

ער (קומט אַרויס אָנגעטאָן אין הוט און מאַנטל און ברענגט אויך אירע הוט און מאַנטל): **לאָמיר גיין.**

(ער העלפט איר אָנטאָן זיך און זיי גייען צו דער טיר בעת עס פאַלט דער —

פּוירהאַנג.

# בילד דרייצן

דער זעלבער צימער ווי אין בילד עלף. פילינ־
גער זיצט אויף דער זאָפע און האָפמאַן — אַ
נערוועזער, אַן אומרואיקער, מיט קענטיקע
שפורן פון די לעצטע געשעענישן — שפּאַצירט
אום איבערן צימער.

האָפמאַן: דער פּשוטער מענטש קען נאָך קיין אַבּ־
סטראַקטע אידייען ניט פאַרנעמען. ער מוז פאַר זיך האָבן
קאָנקרעטע בילדער — אילוסטראַציעס. אפילו משה האָט גע־
מוזט קומען צום פאָלק מיט אַ בילד און ער האָט דערציילט די
מעשה וועגן ברענענדיקן דאָרן. די קריסטלעכע רעליגיע האָט
געמאָלן דאָס בילד פון קריסטוסן אויפן קרייץ. די אידישע
רעליגיע טאָלערירט ניט קיין בילדלעכקייט. זי איז דורכאויס
אַבּסטראַקט. דערפאַר איז די מענטשהייט פון איר ניט פאַר־
כאַפּט געוואָרן. אין מיין רעליגיע וועל איך פאַר מענטשן און
פעלקער אויפשטעלן דאָס בילד פון דער מאַרטירערייַ פון באַ־
רוכן. זיינע מאָנומענטן וועלן אויפגעשטעלט ווערן איבער אַלע
סקווערן און אַלע גאַסן; זיינע בילדער וועלן צעהאַנגען ווערן
איבער אַלע הייזער און, קוקנדיק אויף זיי, וועלן מענטשן אָפּ־
שוידערן פון היטלערן און היטלעריזם און די מלוכה פון ליבע
און ברידערלעכקייט וועט קומען אויף דער ערד.

(פויזע. האָפמאַן שפּאַצירט איבערן צימער און דערנאָך
שטעלט ער זיך פלוצים אָפּ לעבן פילינגערן).

שוין באַלד אַ וואָך אַז איך האָב פון מיין מוטער קיין בריוו ניט
געהאַט.

פילינגער: איר קומט ווידער און ווידער צו דעם זעל־ביקן געדאַנק, האָפּמאַן. איך פאַרזיכער אייך אָבער, אַז אייער מוטער קימערט אין דייטשלאַנד קיינעם ניט און זי איז אין דרויסן פון וועלכער עס איז געפאַר.

האָפּמאַן: דאָך שרעקט מיר מיין האַרץ.

פילינגער: מוט, מיין פריינט!

קלאַראַ: (און אויפגערעגטע, קומט אריין. אין האַנט האַלט זי אַ בריוו, וועלכן זי גיט איבער צו פילינגער. דער לעצטער לייענט אים אומבאַמערקט פון האָפּמאַנען).

האָפּמאַן (קוקט אויף זיין זייגער): שוין דריי פערטל עלף. איך מוז שוין גיין. (דערנאָך צו קלאַראַן) אפשר אינ־טערעסירט דיך אויך די זיצונג? קום אויך.

קלאַראַ: אַ דאַנק, לאַזאַר. איך וועל אָבער ליבערשט זיין אין דער היים. איך וועל ענדיקן שרייבן די בריוו, וואָס דו האָסט מיר נעכטן דיקטירט. (העלפט אים אָנטאָן זיין מאַנטל און וויקלט זיין האַלדז מיט אַ שאַל) וויקל זיך אַרום, ס'איז היינט קיל אין דרויסן.

(זי קוקט אַרויס דורכן פענצטער, דערזעט דאָרט קענטיק עפּעס און ווערט בלייך און אויפגערעגט).

האָפּמאַן: (געזעגנט זיך און וויל אַרויס, רעכטס, אָבער קלאַראַ פאַרשטעלט אים דעם וועג און מאַכט אים אויפ־מערקזאַם אויף דער טיר לינקס).

קלאַראַ: זע, לאַזאַר, ווי שיין עס איז אין דרויסן. פאַר'אַ פּראַכט עס איז די שווייץ! (און זי נעמט אים אונטערן אָרעם און פירט אים צו דער טיר) וועסט הנאה האָבן פונם שפּאַציר, לאַזאַר. (זי עפנט די טיר).

האָפּמאַן: שטיי ניט ביי דער אָפענער טיר, קלאַראַ. ס'איז אַ צוג און דו ביזט לייכט געקליידט. אַדיע!

(און ער איילט זיך אַרויסצוגיין און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר).

קלאַראַ (האַסטיק צו פילינגערן): זיי זיינען שוין דאָ.

פילינגער: וואו?

קלאַראַ: איך האָב געזען דורכן פענצטער ווי זיי קומען אָן (ציינט אָן וואו) וואו זאָל איך זיי אויפנעמען?

פילינגער: נעמט זיי דאָ אויף.

קלאַראַ: און וואו וועט איר זיין?

פילינגער (ציינט אָן): אין יענעם צימער.

קלאַראַ: דאַן, זייט אַזוי גוט, פילינגער, און באַזאָרגט, אַז אונדזער הויז־ווירטין זאָל זיי אַהער אריינשיקן.

(פילינגער אָפּ.

קלאַרא, דערפילנדיק זיך אַליין, לאָזט זי זיך אויף אַ מאָ־מענט אָפּ. זי איז קענטיק אין אַ צושטאַנד פון אויסער־געוויינלעכער אָנגעשטרענטקייט, וואָס זי ווענדט אָן אַלע אירע כחות צו באַהערשן.

עס קומען אַריין איר מוטער און נאָך איר איר פאָטער. אַ ווײַלע שטייען זיי אין אַ פאַרלעגנהייט און זיי ווייסן ניט ווי אויסצודריקן זייערע געפילן איינע צו די אַנדערע. ס׳דויערט אָבער בלויז אַן אויגנבליק און — )

מאַריאַ (מיט אַן אויסגעשריי פון גליק): קלאַרכען! (זי לויפט צו איר, נעמט זי אַרום און קושט זי) אָ, קלאַרכען! (טרערן שטיקן איר און זי באַהאַלט איר פּנים אויף קלאַראַס ברוסט).

קלאַראַ (נעמט אַרום איר מוטער און קוים וואָס זי האַלט איין אירע אייגענע טרערן): מוטער! מוטערל!

פאָן ווירטענבערג (פילט זיך אומבאַקוועם און איז אויך עטוואָס גערירט): אַ מאָדנע אייגנשאַפט אויסצודריקן פרייד דורך טרערן. (אָנגעצויגן טרעט ער צו צו קלאַרען און שטעלט איר אויס זיין האַנט) איך בין אויך צופרידן צו טרעפן דיך אויפדאָסניי (ער איז אין אַ פאַרלעגנהייט און דעריבער צערע־מאָניאַל.) דו האָסט זיך זייער געענדערט. קנייטשן אויפן שטערן. זיי פּאַסן דיר אָבער.

קלאַראַ (מיט אַ געקינצלטן לייכטן טאָן): איך האָב זיך גאָרניט פאַרגעשטעלט, אַז דו זאָלסט קענען מערקן אַזעלכע

קלײניקײטן, פֿאָטער. (דאָן גאַסטפֿרײַנטלעך) נו, מאַכט זיך באַקװעם. (פֿירט זײ בײדן צו זעצן זיך — דעם פֿאָטער צו אַ שטול און זי מיט דער מוטער זעצן זיך אויף דער זאָפֿע).

פֿאָן װירטענבערג: מיר קענען דאָ לאַנג ניט פֿאַר־ברענגען, קלאַראַ. (ער קוקט זיך אַרום, רעדט סתּם אין דער װעלט אַרײַן) װאוינסט אין אַ פֿײַנער װילאַ. אַ שײנער געגנט. די שװײץ איז װירקלעך אַ פּראַכט. בענקסט גאָר ניט נאָך בערלין, קלאַראַ?

קלאַראַ: בערלין איז די לעצטע צײַט אַזױ שרעקלעך, אַז איך האָב זײער גערן דאָ די רו.

פֿאָן װירטענבערג: יאָ. (און נאָך אַ פּויזע, פֿאַר־כמורעט) קײנשום איבערקערעניש גײט ניט גלאַטיק אַראָפּ. ס'איז אין דײַטשלאַנד שױן די צװײטע איבערקערעניש זינט נאָך דער מלחמה. די ערשטע האָט מיר געבראַכט דערנידע־רונג. און די איצטיקע — װער װײסט צו װאָס זי קען פֿירן...

(די פֿרױען פֿאַרשטײען די אָנצוהערעניש. ס'װערט אַן אומאַנגענעמע פּויזע).

מאַריאַ (װיל פֿאַרגלעטן די שטימונג): אָבער האָסט זיך אַזױ געענדערט קלאַרכען! איך האָב זיך דערשראָקן װען איך האָב דיך דערזען.

פֿאָן װירטענבערג: מיר האָבן דיר אָבער געבראַכט גוטע נײַעס. דאָס װעט דיך פֿירן צו ענדערונג און צוריק צום בעסערן.

קלאַראַ: איך װער שױן נײַגעריק. װאָס פֿאַר אַ נײַעס?

מאַריאַ: טאַקע גוטע נײַעס. אָבער ס'איז נאָך אַ פֿראַגע װי קלאַראַ װעט זײ אױפֿנעמען.

פֿאָן װירטענבערג: געדענקסטו, אַמאָל פֿלעגט אונדז באַזוכן אַ גרױסער פֿינאַנסיר, מר. דײװױס?

קלאַראַ: איך געדענק אים.

פֿאָן װירטענבערג: מיט אים זײַנען מיר געקומען אַהער, קײן זשענעװאַ.

קלאַראַ: זײַנען דאָס די גוטע נײַעס?

פאָן ווירטענבערג: ער וויל אַז מיר זאָלן זיך מיט דיר איבעררעדן וועגן עפּעס אַ דערפינדונג, וואָס הער זאָפּמאַן האָט ביי זיך.

קלאַראַ: אָ!...

פאָן ווירטענבערג: ווייסט דאָך מן הסתם וואָס דאָס איז אַזוינס.

קלאַראַ (פאַרזיכטיק): יאָ...

פאָן ווירטענבערג: קענסטו מיר וועגן דעם געבן אינ־פאָרמאַציע?

קלאַראַ: פאַרוואָס עפּעס זוכסטו די אינפאָרמאַציע? קען עס דייוויס אַליין ניט טאָן?

ער: ער דענקט, אַז ס'איז בעסער אַז איך זאָל רעדן.

קלאַראַ: און פאַרוואָס זאָל איך די אינפאָרמאַציע געבן? פאַרהאַנדלט דירעקט מיט הער האָפּמאַנען.

פאָן ווירטענבערג: מר. דייוויס ווייסט, אַז דו ביזט הער האָפּמאַנס סעקרעטאַר.

קלאַראַ: איך בין אָבער ניט די דערפינדערין!

פאָן ווירטענבערג: קענסט אָבער באַאיינפלוסן הער האָפּמאַנען.

קלאַראַ: זיינען דען נויטיק איינפלוסן?

פאָן ווירטענבערג: ווי איך פאַרשטיי, האָט מר. דיי־וויס נאָך אין בערלין אָנגעפירט וועגן דעם פאַרהאַנדלונגען מיט הער האָפּמאַנען. איך ווייס ניט פאַרוואָס, אָבער עס איז פון דעם גאָרנישט אַרויסגעקומען. ווייסטו וועגן דעם?

קלאַראַ: יאָ.

פאָן ווירטענבערג: ווייסטו דאָך געוויס אויך פאַר־וואָס זיי זיינען ניט מיושב געוואָרן.

קלאַראַ: מר. דייוויס האָט דאַן געזאָגט, אַז די דערפינ־דונג האָט ניט קיין פּראַקטישן ווערט און ער האָט פאָרגעשלאָגן הער האָפּמאַנען צו קויפן זי פון קוריאָזיטעט וועגן. אויף דעם האָט הער האָפּמאַן ניט געוואָלט איינווילוקן. דענקט מר. דיי־וויס איצט, אַז די דערפינדונג האָט יאָ אַ ווערט?

פאָן ווירטענבערג: ער גלויבט איצט אויך ניט, אַז זי האָט אַ ווערט. די דערפינדונג ווערט אָבער ברייט דיסקוטירט אין דער עפנטלעכקייט און דאָס קען אומגינסטיק אָפּרופן זיך אויף אַלערליי אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און ברענגען שאָדן. דעריבער איז מר. דייוויס געקומען צום שלום, אַז עס וואָלט זיך אים געלוינט צו באַצאָלן פאַר דער דערפינדונג, באַ־האַלטן זי, אַז זי זאָל מער קיין אויפזען ניט האָבן.

קלאַראַ: זאָל מר. דייוויס ווענדן זיך דירעקט צו הער האָפמאַנען. איך פאַרשטיי ניט פאַרוואָס ער האָט אייך אַהער געבראַכט, אַז איר זאָלט זיך ווענדן צו מיר.

פאָן ווירטענבערג: מר. דייוויס האָט געשריבן וועגן דעם אַ בריוו צו הער האָפמאַנען און ער האָט קיין ענטפער ניט געקראָגן.

קלאַראַ: איז דאָך דערפון קענטיק, אַז הער האָפמאַן וויל אים די דערפינדונג ניט פאַרקויפן. איך קען זיך אין דעם ענין ניט אַריינמישן.

פאָן ווירטענבערג: וואָלסט אפשר יאָ געקענט, קלאַ־ראַ. שטעל זיך פאָר, אַז מר. דייוויס איז גרייט צו געבן פאַר דער דערפינדונג אַ האַלבן מיליאָן דאָלאר!

קלאַראַ (ווערט ניט נתפּעל): ווירקלעך אַ גרויסע סומע. איך קען אָבער הער האָפמאַנען, אַז ער איז ניט להוט נאָך געלט. הער האָפמאַן) ווי מיר איז באַקענט, האָט בכלל ניט אין זינען איבערצוגעבן זיין דערפינדונג אין פרעמדע הענט. ער בויט פּלענער ווי אַזוי אַליין צו באַנוצן זי און פאַר גאָר אַנדערע צוועקן.

פאָן ווירטענבערג: וועלכע צוועקן?

קלאַראַ: זיינע צוועקן זיינען מיר ניט קלאָר. ס׳איז אָבער קיין חילוק ניט.

פאָן ווירטענבערג: ווען ער זאָל אָבער קריגן דעם אָנבאָט פון אַזויפיל געלט, וועט זיך אים אפשר לוינען צו ענ־דערן זיינע פּלענער.

קלאַראַ: הער האָפמאַן איז ניט דער מאַן, וואָס קען באַאיינפלוסט ווערן פון געלט.

פאָן ווירטענבערג: דו וואָלסט אָבער געקענט ווירקן אויף אים.

קלאַראַ: איך קען אויף אים ניט ווירקן. איך וויל זיך גאָרניט אונטערנעמען דאָס צו טאָן.

פאָן ווירטענבערג: און איך האָב דוקא אויף דיר גע־האָפט, קלאַראַ. איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט דאָס טאָן צוליב מיר, צוליב דיין מוטער.

קלאַראַ: וואָס וועט אייך דערפון אַרויסקומען?

פאָן ווירטענבערג: זייער פיל. מר. דייווויס איז זייער אַן איינפלוסרייכער מענטש. ער האָט גרויס איינפלוס אַפי־לו אין די דייטשע רעגירונגס־קרייזן —

קלאַראַ: ער וועט פאַר דיר קריגן אַ רעגירונגס־שטעלע?

פאָן ווירטענבערג: וועסט דאָך כאָטש דאָס מאָל זיין אַ געטרייע טאָכטער.

קלאַראַ: געדענקסט, ווען דו האָסט מיך געזען צום לעצטן מאָל, ווען דו האָסט מיר באַפעלן צו פאַרלאָזן דיין הויז — האָסטו זיך גאָרניט גערעכנט דערמיט וואָס איך בין דיין טאָכטער.

פאָן ווירטענבערג (פאַרשטעלט זיך דאָס פנים מיטן האַנט): צוליב וואָס זאָלן מיר אַרויסרופן אַזעלכע זכרונות? לאָמיר עס פאַרגעסן.

קלאַראַ: ביזט דאַן געווען האַרט ווי שטאָל.

פאָן ווירטענבערג: ס'איז געווען שרעקלעך. איך האָב דיך געהאַסט פאַר דיין קאָמפּראָמענטירן די בעסטע טראַ־דיציעס פונם הויז פון די פאָן ווירטענבערגס. ביזט דאַן אויך געווען האַרטנעקיק, קלאַראַ, — האַסט מיר פאַרשאַפט גרויסע יסורים.

קלאַראַ: נו, מילא.

מאַריאַ (מישט זיך אַריין): וואָלסט דאָך אָבער געקענט, קלאַרכען, פּרואוון באַאיינפלוסן הער האָפמאַנען.

קלאַראַ: ליידער קען איך דאָס ניט טאָן, אַפילו, אַז איך זאָל עס וועלן. (איראָניש) האָפּמאַן, כאָטש ער איז ניט קיין פאָן ווירטענבערג, לאָזט ער זיך ניט באַאיינפלוסן.

מאַריאַ: וואָלסט געדאַרפט זען ווי דיין פאָטער האָט געליטן, ווען מיר האָבן דערפאַרן, אַז די ביזנעס פלוצים פאַרשוואונדן געוואָרן קיין אויסלאַנד —

קלאַראַ: וואָס איז דער חילוק, צי איך בין אין אויסלאַנד, צי אין בערלין? אין משך פון די לעצטע דריי יאָר איז ער ניט אַזוי נייגעריק געווען צו זען מיך אַפילו אין בערלין. פאַרקערט, מיט מיין פאַרשווינדן וואָלט ער געדאַרפט זיין צופרידן — איך וועל אים מער ניט קאָמפּראָמענטירן . . .

פאָן ווירטענבערג: דיין אָפּפאָרן — מעגסט עס וויסן — האָט מיך נאָך מער קאָמפּראָמענטירט . . .

מאַריאַ: אָ, אָטאָ, פאַרלירסט מוט —

פאָן ווירטענבערג: דו ווייסט גאָר ניט, קלאַראַ, וויפיל איך האָב פאַרלוירן דורך דיר. ווען ניט מר. דייוויס —

מאַריאַ: אונדזער מאַיאָנטעק, אונדזער אָסטענד פאַרמאָגן מיר דאָך שוין ניט מער, קלאַראַ . . . אַוועק מיטן האַמער.

קלאַראַ (פיינלעך איבערראַשט): אַוועק? . . . אונדזער אָסטענד? . . .

מאַריאַ: יאָ, אַוועק —

קלאַראַ (ס'טוט איר וויי): אָ, מיין אָסטענד . . . מיין שיינער אָסטענד . . . אַוועק צו פרעמדע . . .

מאַריאַ: צו פּשוטע פּויערים!

פאָן ווירטענבערג (דערפרייט וואָס קלאַראַ איז גערירט זוכט ער אויסצונוצן די געלעגנהייט): ווען דיר זאָל זיך איינגעבן באַאיינפלוסן הער האָפּמאַנען, וואָלטן מיר געקענט צוריקקויפן אונדזער אָסטענד . . .

קלאַראַ (שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ): איך האָב שוין דיר געזאָגט, אַז מען קען הער האָפּמאַנען ניט באַאיינפלוסן. און — (פּויזע) איך וויל אים ניט באַאיינפלוסן . . .

זיינע פּלענער זיינען פֿאַר מיר וויכטיקער פֿון אָסטענד . . .

פּאָן ווירטענבערג: פֿאַר דיר וויכטיקער, קלאַראַ? . . . ווייסטו וואָס דו רעדסט? . . . (און ער וואַרפֿט די לעצטע קאָרט) קלאַראַ! מר. דייוויס האָט מיר געמאַכט אַ פֿאָרשלאַג וועגן דיר —

קלאַראַ: אַ פֿאָרשלאַג — ? וואָס פֿאַר אַ פֿאָרשלאַג?

פּאָן ווירטענבערג: אַז דו זאָלסט ווערן זיין פֿרוי . . .

קלאַראַ: מר. דייוויס?! אינטערעסאַנט . . .

פּאָן ווירטענבערג: און אַז אים זאָל זיך איינגעבן מיט דער דערפֿינדונג — (קלאַראַס בליק שטעלט אים אָפּ) איך מיין צוזאָגן, אַז מר. דייוויס איז אַ גרויסע מאַכט, און ווען ער קריגט די דערפֿינדונג וואָלט ער נאָך מאַכטיקער געוואָרן — (ער צווינגט אויף זיך אַ געלעכטער) ס'וואָלט געווען אַ פֿיינע זאַך, ווען דו טראָגסט אים צו די דערפֿינדונג אין נדן . . .

קלאַראַ: איך וויל דיר איינשפּאָרן אומזיסטע אילוזיעס, פֿאָטער. לאָמיר דיר באַקאַנט מאַכן, אַז איך האָב פֿאַרלאָזט דייטשלאַנד ניט אַלס הער האָפֿמאַנס סעקרעטאַר, נאָר איך בין זיין כלה.

פּאָן ווירטענבערג (מיט ווייטיק): דו איבערראַשסט מיך ניט, קלאַראַ. ס'איז דאָך אָבער נאָך ניט צו שפּעט . . .

מאַריאַ: האָסטו זיך גוט באַטראַכט, קלאַרכען?

פּאָן ווירטענבערג: האָסטו זיך אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז דו ביזט אַ פֿאָן ווירטענבערג?

קלאַראַ (איראָניש): אַ פֿאָן ווירטענבערג! . . .

פּאָן ווירטענבערג: איינע פֿון די עלצטע נאָבעלע פֿאַ־מיליעס אין דייטשלאַנד.

קלאַראַ: איך שטעל פֿאַמיליע קעגן מענטש — האָפֿמאַן איז איינער פֿון די נאָבלסטע מענטשן אויף דער וועלט.

פּאָן ווירטענבערג: מאַכסט זיך לעכערלאַך, קלאַראַ!

מאַריאַ: קלאַרכען, טייערינקע מיינע, באַגרייפֿסטו דען

ניט, אַז אויך איך בין צעווייטיקט צו הערן פון דיר אַזעלכע רייד ? . . .

קלאַראַ : מוטער ! אַפילו דו קענסט זיך ניט שטעלן העכער איבער פאָרורטיילן ?

מאַריאַ : פאָרורטיילן בלויז ? באַטראַכט זיך נאָר, מיין קינד !

קלאַראַ : ווען דו זעסט אים, מוטער, וואָלסטו אים אויך ליב באַקומען.

מאַריאַ : איך זאָל ליב האָבן אַ אידן ? — באַגרייף נאָר, קלאַרכען, ווי אוממעגלעך דאָס איז.

קלאַראַ : דאַן קענסטו מיך אויך ניט ליב האָבן, מוטער. דאַן ווילסטו ניט מיין גליק.

מאַריאַ : דיין גליק, טאָכטער מיינע ? . . . ווי קענסטו זיך גאָר פאָרשטעלן גליק מיט אַ פרעמדן, מיט אַזאַ וואָס איז אינגאַנצן אַנדערש . . . פאַרהאַסט . . . פאַרפאָלגט . . . ווי קאָנסטו זיך גאָר אונטערנעמען צו ווערן פאַרפאָלגט דיין גאַנצן לעבן צוזאַמען מיט אים ? . . .

קלאַראַ : דו לעבסט אונטערן פאַלשן איינדרוק, מוטער, אַז די וועלט וועט אויף תמיד פאַרבלייבן אַזוי ווי זי איז . . . זי וועט זיך אויסניכטערן . . . (מיט אַביטערן געלעכטער) פאַרפאָלגט, זאָגסטו ? — (און זי קוקט שטרענג אויף איר פאָטער) בלויז אין איין פלאַץ איז ער געווען פאַרפאָלגט . . . אין בערלין . . . (און אומגעריכט ברעכט זי אויס) פאָטער, האָפמאַן איז אין בערלין געפייניקט געוואָרן . . . און ווער ? — אָט די מענטשן, וועמען דו פאַרטיידיקסט, צו וועמען דו ווילסט דינען און פאַר וועמען דו ווילסט די דערפינדונג ! פאַרוואָס האָט מען אים געפייניקט ? (ווען זי מערקט, אַז ער וויל זיך פאַרענטפערן — שרייט זי אויס) דאַרפסט זיך ניט פאַרענטפערן. איך ווייס, אַז דו פערזענלעך ביזט ניט פאַראַנטוואָרטלעך. אָבער דו, מיט דיינע שטאָלהעלמער, זיינען דאָך די ערשטע געווען צוצושטיין צו היטלערן און זיין פאַדיזם . . . וואָס האָט איר צו האָפמאַנען געהאַט ? . . . און צו זיין אָרימער מוטער ? . . .

מאַריאַ (דערשראָקן): זײַן מוטער? . . . דו ווייסט? (אָבער אויף אַ וואונק פון איר מאַן פאַרכאַפּט זי זיך און ווערט שטיל.)

קלאַראַ (דערשראָקן און פאַרדעכטיקט): איך ווייס? . . . וואָס ווייס איך? . . .

פאָן ווירטענבערג (פּרוואווט צערייבן דעם ענין): קלאַראַ, איך בין צוגעשטאַנען צו דער רעגירונג, ווײַל איך, אַלס זעלנער, טאָר קיין פּאָליטיקער ניט זײַן. דאָס איז אַ פאָלקס־זאַך צו באַשטימען די רעגירונגס פאָרם לאַנד. און ווער די רעגירונג זאָל ניט זײַן, דאַרף איך דינען מײַן פאָלק און מײַן פאָטערלאַנד.

קלאַראַ: יאָ? . . . און אַז די רעגירונג וואָלט געווען אַ קאָמוניסטישע? . . . (ווירטענבערג איז אין אַ פאַרלעגנהייט, טוט זי אַ מאַך מיטן האַנט) זוך ניט קיין תירוץ — איך ווייס אַליין . . . (און מיט אַ פאַרגעפיל פון חשד) מוטער, וואָס ווייס איך וועגן האָפמאַנס מוטער? . . .

מאַריאַ (אין אַ פאַרלעגנהייט): איך ווייס ניט וואָס דו ווייסט . . . דו האָסט געזאָגט, אַז זי איז קראַנק . . . האָט מען זי דען געפּייניקט? . . .

קלאַראַ: און אַז מען איז אויף אַזויפיל ברוטאַל געווען און פאַר איר אין די אויגן פאַרפּייניקט ביז טויט איר אַדאָפּטירטן זון, אַן אומשולדיקן אינגעלע פון פערצן יאָר? און אַז מען האָט פאַר איר אין די אויגן כמעט ביז טויט פאַרפּייניקט איר איינציק פאַרבליבענעם זון? . . . איך רייד אָבער ניט פון אַמאָל. איך בין אָבער חושד, אַז עפּעס איז איצט געשען מיט האָפמאַנס מוטער . . .

מאַריאַ: (אין גרויס פאַרלעגנהייט קוקט זי אויף איר מאַן און ווייס ניט וואָס צו זאָגן).

פאָן ווירטענבערג: אַלזאָ, וועל איך דיר דערציילן, קלאַראַ. האָפמאַן ווערט, מיט רעכט, באַשולדיקט אין דייטשלאַנד אין הויך־פאַרראַט. זײַן אַגיטאַציע, וואָס ער פירט דאָ אָן קעגן דייטשלאַנד קען ברענגען פיל שאָדן. זײַן דערפינדונג איז געמאַכט געוואָרן אין דייטשלאַנד און געזעצלעך באַלאַנגט

זי צו אונדזער פאַטערלאַנד. ליידער איז האָפמאַן אָבער אין אויסלאַנד און מען קען אים גאָרנישט טאָן. איז די דייטשע רעגירונג געצוואונגען אָנצונעמען קעגן אים אויסערגעוויינלעכע מיטלען. איך האָב מורא, אַז זיין מוטער ווערט אין דייטשלאַנד געהאַלטן אַלס משכון . . .

קלאַראַ (בלייך, פאַרציטערט): פאַטער! . . . מיינסט? . . . מען האָט געפונען זיין מוטער? . . . מען וועט? . . .

פאָן ווירטענבערג: בלויז אַלס משכון, קלאַראַ . . . מען וועט איר קיין בייז ניט טאָן . . . דאָס הייסט, אויב האָפמאַן וועט איינשטימען . . . איך מיין, זיין דערפינדונג . . . זיין מוטער ווערט דאַן באַפרייט און ער קריגט נאָך אַלס צוגאָב אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר . . .

קלאַראַ (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ): מיין גאָט!

מאַריאַ (וויל זי טרייסטן): קלאַראַ! קלאַרכען!

קלאַראַ (פאַלט צו צו איר): אָ, מוטער! מוטערל!!

מאַריאַ: אָבער, קלאַרכען, באַרואיק זיך! וואָס איז אַזוינס? . . .

קלאַראַ: אָבער, מוטער, שטעל זיך פאָר . . . ווען האָפמאַן וועט זיך דערוויסן . . . ער וועט זיך גלייך צוריקקערן קיין דייטשלאַנד . . . און דאַן —

(און זי ברעכט צוזאַמען).

פאָן ווירטענבערג: און אַז ער וועט זיך צוריקקערן איז וואָס? . . . און צוליב וואָס זאָל ער זיך צוריקקערן? . . . מען קען זיך דאָ אויך אויסגלייכן . . .

קלאַראַ: אויסגלייכן זיך? ניין, ניט מיט האָפמאַנען! ער וועט זיין דערפינדונג ניט אָפּגעבן . . . (און זי ברעכט ווידער צוזאַמען) אָ, לאַזאַר! . . .

מאַריאַ: האָסט אים טאַקע אַזוי ליב, קלאַרכען?

קלאַראַ: אָ, מוטער, צי איך האָב איבּ ליב? . . . מוטער, גלויבסט דאָך אין הייליקן גייסט . . . ע ר איז דער הייליקער גייסט . . . מוטער, גלויבסט דאָך אין קריסטוסן, און אַז ער איז

געוועזן דער זון פון הייליקן גייסט . . . מוטערכעז, מיין קינד וועט זיין דאָס קינד פון הייליקן גייסט . . .

מאַריאַ (דערשראָקן) קלאַרכען! . . . קלאַרכען, וואָס רעדסטו? . . .

קלאַראַ: (איז צופיל צוזאַמענגעבראָכן אום צו ענטפערן).

מאַריאַ: קלאַרכען, אַזוי ווייט איז עס שוין אַוועק? . . . קלאַרכען! . . .

פאָן ווירטענבערג (האָט עס ערשט איצט באַגריפן און שטאַרק דערצאָרנט שפּרינגט ער אויף פון זיין שטול): דו מיינסט? . . . דו, אומפאַרשעמטע!

מאַריאַ און קלאַראַ (שפּרינגען ביידע אויף).

מאַריאַ (שטעלט זיך צווישן אים און קלאַראַן): טרעט אָפּ, אָטאָ!

קלאַראַ (ווידערשפּעניק): יאָ, איך מיין!

פאָן ווירטענבערג: מיט אָט דעם אַ אידן?!

קלאַראַ: יאָ, מיט אָט דעם אַ אידן! און אויך מעגסטו וויסן, אַז וואוהין האָפּמאַן וועט גיין, וועל איך אויך גיין! און וואו ער וועט זיין, וועל איך אויך זיין! און אויב ער וועט אַ מאַרטירער זיין, וועל איך אויך —

(זי ענדיקט ניט, וואָרים פּלוצים עפנט זיך די טיר און האָפּמאַן, אַ צערודערטער, אַ פאַרצאַפּלטער, מיט אַ טעלעגראַמע אין האַנט פאַלט ער אַריין אין צימער. ער שענקט קיין אויפמערקזאַמקייט ניט צו די געסט און ער לויפט גלייך צו קלאַראַן).

האָפּמאַן: קלאַראַ! . . . (און ער דערלאַנגט איר די טעלעגראַמע) זע נאָר . . .

קלאַראַ: (זי ווייס שוין פאָרויס וואָס די טעלעגראַמע באַטייט. זי נעמט זי און לייענט זי דורך. די טעלעגראַמע פאַלט אַרויס פון אירע הענט און זי האַלט זיך אָן אָן איר מוטער, וועלכע פירט זי צו דער זאָפע און זעצט זי אַוועק).

האָפּמאַן: קלאַראַ, וואו איז פּילינגער?

(אָבער פילינגער איז שוין אַליין דאָ אין צימער. ער הויבט אויף די טעלעגראַמע פון דער ערד און לייענט זי איבער).

האָפמאַן: פילינגער, איך פאָר היינט צוריק קיין בערלין.

פילינגער: צוליב וואָס?

האָפמאַן: איר פרעגט נאָך?

פילינגער: איר וועט גאָרנישט קענען העלפן. מ'וועט אייך דאָרט גלייך אַרעסטירן.

האָפמאַן: איך ווייס עס ... דאָך וועל איך פאָרן ...

פילינגער: אויף דער טעלעגראַמע איז געחתמעט יאָ־האַנאַ, ס'איז אָבער בלויז אַ פּראָוואָקאַציע. יאָהאַנאַ האָט די טעלעגראַמע ניט געשריבן.

האָפמאַן: ס'איז קיין חילוק ניט, וואָרים עס איז אַלץ איינס זיכער, אַז מיין מוטער איז אַנטפלעקט געוואָרן און אַז זי ווערט געהאַלטן פאַר אַ משכון פאַר מיר ... מיין חוב איז אַליין איבערצוגעבן זיך, וועט מען זי באַפרייען ...

פאָן ווירטענבערג (טרעט צו צו האָפמאַנען): ליידער זיינען מיר ניט פאַרגעשטעלט, אָבער, איך גלויב, אַז איך האָב אַן אַנדער אויסוועג פאַר אייך ...

האָפמאַן: איר? ...

פילינגער: האָפמאַן, דאָס זיינען גענעראַל און מאַדאַם פאָן ווירטענבערג, קלאַראַס פאָטער און מוטער.

האָפמאַן: אָ! ...

פאָן ווירטענבערג: איך בין, אַזוי צו זאָגן, צו אייך געקומען כמעט ווי מיט אַ שליחות ... איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע ... און איך האָב געטראַכט, אַז ... איך מיין ... קלאַראַ איז דאָך מיין טאָכטער ... בכן ...

האָפמאַן: בכן? —

פאָן ווירטענבערג: איר האָט אַ געוויסע דערפינ־דונג ...

האָפּמאַן: אַהאַ! ...

פאָן ווירטעמבערג: איר זיינט געוויס באַקענט מיט דעם געוויסן פינאַנציר און גרויס־אינדוסטריאַליסט מר. העגרי דייוויס.

האָפּמאַן: אַהאַ, דייוויס ...

פאָן ווירטעמבערג: ער איז זייער אַן איינפלוסרייכער מענטש ... ער וויל אייך געבן פאַר דער דערפינדונג אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר ...

האָפּמאַן: ס'איז זייער פיין פון אים ...

פאָן ווירטעמבערג: אויב איר זיינט מסכים, וועט איי־ער מוטער שוין מאָרגן זיין דאָ ביי אייך און אויך דער האַלבער מיליאָן דאָלאַר ...

(פויזע. האָפמאַן, ווי פאַרגליווערט, שטייט און קוקט אויף פאָן ווירטעמבערגן. אַלע קוקן מיט שרעק אויף האָפּ־מאַנען).

האָפּמאַן: איז אָט מכוח וואָס דאָ האַנדלט זיך! ...

(אַלע שווייגן).

האָפּמאַן (צו פאָן ווירטעמבערגן): איז אייך באַקענט, וואָס די דערפינדונג איז אַזוינס?

פאָן ווירטעמבערג: איך בין אַן אָפיציר און מאַטע־מאַטיקע און מעכאַניקע זיינען וויסנשאַפטן, מיט וועלכע איך מוז זיין געניט באַקענט.

האָפּמאַן: אַז איך וויל אייך ווייזן די פאָרמולע פון דער דערפינדונג, וועט איר וויסן, אַז דאָס איז עס?

פאָן ווירטעמבערג: איך גלויב אַז יאָ.

האָפּמאַן: דאַן וואַרט אויף אַ ווײַלע.

(און ער גייט שנעל אַרויס פון צימער. אַ געשפּאַנטע, פול מיט דערוואַרטונג שטימונג און קיינער רעדט קיין וואָרט ניט אַרויס. ביז וואַנען האָפּמאַן קומט צוריק מיט אַ העפט אין האַנט. ער קומט צו צו פאָן ווירטעמבערגן און דערלאַנגט אים די העפט).

האָפמאַן: אָט דאָס איז די דערפינדונג. קוקט זי דורך און איבערצייגט זיך אין דעם, אַז דאָס איז עס.

פאָן ווירטענבערג (נעמט די העפט, בלעטערט זי אויפמערקזאַם און קוים וואָס ער קען באַהאַלטן זיין מוראדיקע אויפרעגונג): יאָ, דאָס איז עס! (פאַרמאַכט די העפט) איצט, הער האָפמאַן, האָט איר גאָרניט וואָס צו קימערן זיך וועגן אייער מוטער . . .

האָפמאַן: מר. דייוויס, דוכט מיר, איז מיט דער מיינונג, אַז אָט די דערפינדונג טאָר אינדוסטריעל ניט עקספּלואַטירט ווערן.

פאָן ווירטענבערג: ס'איז אמת . . . דאָך . . .

האָפמאַן (נעמט פון אים די העפט): זיינט איר פולשטענדיק איבערצייגט, אַז דאָס איז די דערפינדונג?

פאָן ווירטענבערג: פולשטענדיק!

האָפמאַן: איך בין מסכים מיט מר. דייוויסן, אַז די דערפינדונג טאָר בשום אופן ניט עקספּלואַטירט ווערן, הגם מיינע מאָטיוון זיינען גאַנץ אַנדערע. זי טאָר ניט עקספּלואַטירט ווערן, כל זמן אויף דער וועלט קען נאָך אַזעלכעס געשען, אַז אַן אַלטע, אומשולדיקע, פּאַראַליזירטע פרוי זאָל געפּייניקט ווערן בלויז דערפאַר, ווייל איר זון האָט עטוואָס דערפונדן מיט דער כוונה צו באַרייכערן דעם מענטשן. מ ע נ ט ש ן! זיינען די דאָזיקע, וואָס איזדיקעווען זיך איצט אין דייטשלאַנד איבער אַלץ און אַלעמען — אויך מענטשן? — דאַן טאָר די דערפינדונג די ליכטיקע שיין ניט זען! ווי מען טאָר ניט איבערלאָזן קיין געווער אין אַ משוגעים־הויז . . .

(און ער גייט צום קאַמין, רייסט בלעטערווייז זיין מאַנוסקריפּט און וואַרפט אים אויפן פייער. אַלע שטייען ווי פאַרגליווערט).

האָפמאַן: אויס מיט דער דערפינדונג! . . . הער פאָן ווירטענבערג, איך בעט אייך איבערצוגעבן עס מר. דייוויסן, און זאָל עס באַקענט ווערן אויך צו דער דייטשער רעגירונג!

(פויזע. מיט פאַרקלעמטע פויסטן און צוזאַמענגעדריקטע

(זיין טרעט ער צו צו פאָן ווירטענבערגן און צעציט זיינע ווערטער :)

**איצט, אַז מיין מוטער וועט נאָך אַלץ ניט באַפרייט ווערן איז שווער איך, אַז —**

(זיין רעגונג דערשטיקט זיין קול. מאַכט ער אַ פויזע צו באַהערשן זיך. דערנאָך נעמט ער פאַנאַנדער זיינע הענט און רעדט — כאָטש געלאַסן, אָבער אַנטשלאָסן :)

**ווי אָרים מיינע כוחות זאָלן ניט זיין, איז אָבער די גערעכטיקייט אויף מיין זייט און צו מיין גערעכטן רוף פאַר קאַמף וועלן זיך די מאַסן מוזן צוהערן !**

פוירהאַנג



# בילד פערצן

דאָס ליכט פאַלט אויף אַ געהיים־אַגענט, וואָס
רעדט אַריין אין אַ טעלעפאָן.

געהיים אַגענט: פּראָפעסאָר לאַנדויער? דאָס רעדט די צענטראַלע געהיימע אָפּטיילונג ביי דער שטורם־אַרמיי. מיר האָבן אָט ערשט געקראָגן אַ באַריכט פון זשענעווע, אַז לאַזאַר האָפּמאַן און קלאַראַ פאָן ווירטענבערג זיינען נעכטן פאַרשוואונדן געוואָרן פון זייער הויז. מיר האָבן ניט געקענט אויסגעפינען וואוהין זיי זיינען אַוועק. מיר גלויבן אָבער, אַז פאַרשטעלטערהייט זיינען זיי ערגעצוואו אַריבער די דייטשע גרענעץ און זיי זיינען איצט דאָ אין לאַנד. יעדנפאַלס, איז זיכער, אַז זיי האָבן בדעה דאָס צו טאָן און זיי וועלן איבגיכן דאָ זיין. (פּויזע) פילינגער?... וועגן אים ווייסן מיר גענוי. ער איז היינט פרי אָפּגעפאָרן פון זשענעווע אויפן וועג קיין בערלין.

פינצטער

דאָס ליכט גייט אויף אויף פּראָפעסאָר לאַנ־
דויער, וואָס רעדט אין טעלעפאָן:

פּראָפ. לאַנדויער: קאַפּיטאַן קערקהאָפער? איך האָב זיך אָט ערשט דערוואוסט, אַז לאַזאַר האָפּמאַן און קלאַראַ פאָן ווירטענבערג זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן פון זשענעוואַ. ענטוועדער זיי זיינען שוין אין דייטשלאַנד, אָדער זיי וועלן באַלד

אַהער אָנקומען. זאָל דעריבער מאַדאַם האָפמאַן גלייך באַ־
פרייט ווערן און צוריקגעקערט ווערן צו דער וואוינונג, וואו
עס געפינט זיך איר דיפּסט. זאָל אַ שטענדיקע געהיימע וואַך
אַוועקגעשטעלט ווערן אַרום הויז, און ווי נאָר האָפמאַן וועט
זיך באַווייזן, זאָל ער גלייך אַרעסטירט ווערן. אויך זאָלן
מענטשן אָנגעשטעלט ווערן אַכטונג צו געבן אויף קאַרל פּילינ־
גער און היטן אַלע זיינע באַוועגונגען . . .

פינצטער



# בילד פופצן

אין צען טעג אַרום.

אַן אָרים צימער אין אַ בערלינער טענעמענט־הויז. אין הינטערגרונט, אין ווינקל, רעכטס, אַן אייזערנע אַלטע בעט. אין ווינקל, לינקס, אַ גאַז־אויוון און איבער אים — פּאָליצעס מיט געשיר. אין מיטן צימער — אַ טישל און עט־לעכע שטולן. אַלץ איז אַלט און אָפּגעלאַקעוועט אָבער זויבער און ריין.

ביינאַכט. דער צימער איז טונקל באַלויכטן פון אַ גאַז־רער אויף דער וואַנט.

אין בעט ליגט מאַדאַם מרים האָפמאַן.

יאָהאַנאַ עסקיט זיך ביים אויוון.

**יאָהאַנאַ** (פאַרזוכט פונם טעפּל, וואָס קאָכט זיך): מ־מ־מ ... שוין פאַרטיק. (מיט טריאומף) און ס'איז אויך כשר. דער קצב, הער הערצמאַן, האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז ס'איז כשר. ער אַליין האָט עס געשאָכטן, האָט ער מיר געזאָגט. ער איז ניט נאָר אַ קצב, זאָגט ער, נאָר ער האָט אָפּגעהאַלטן אַן עקזאַמען פאַרן ראַבינער און ער מעג אויך שעכטן. דערמיט, וואָס ער שעכט, זאָגט ער, שטעלט ער זיך אין גרויס סכנה, ווייל די רע־

גירונג האָט פאַרבאָטן אידן צו שלאָכטן אויף דעם שטייגער ווי זיי טוען עס. די רעגירונג טוט עס דערפאַר, זאָגט ער, וואָ־רים זי זאָגט, אַז ס'איז אַ רחמנות אויף די באַשעפעניש ווען זיי ווערן געשלאָכט אויפן אידישן שטייגער. איך גלויב אָבער, אַז ס'איז ניט אַזוי. אויף די באַשעפענישן איז גאָר קיין רחמ־נות ניט, נאָר זיי ווילן אָפּטאָן די אידן אַ רשעות, אַז זיי זאָלן ניט קענען עסן קיין פלייש. אין די אַמאָליקע צייטן, האָט מיר דער קצב דערציילט, פלעגט מען אויף אידן אויך אַרויסגעבן אַזעלכע גזירות. אָבער דאַן האָט מען דאָס געטאָן אום די אידן זאָלן ווערן אוים אידן און זיי זאָלן ווערן קריסטן. איצט אָבער דערלאָזט מען די אידן ניט צו ווערן קריסטן און די וואָס זיינען שוין קריסטן, מאַכט מען זיי אויך פאַר אוים קריסטן, ד. ה. פאַר אוים דייטשן. ווייל, זאָגן זיי, די דייטשן זיינען טאַקע דייטשן, אָבער די אידן זיינען קיין דייטשן ניט, אפילו ווען זיי זיינען דייטשן און גייען אין קירך און דאַווענען צו קריסטוסן. זיי זאָגן אַפילו, אַז די דייטשן זיינען אויך קיין דייטשן ניט, אויב זיי זיינען קריסטן. ווייל קריסטוס און די הייליקע מוטער זיינען אויך געווען אידן און אַלע קריסטן זיינען אידן. די דייטשן, זאָגן זיי, דאַרפן זיין דייטשן און דער דייטשער גאָט איז — וואָרט, ווי הייסט ער? . . . טפוי . . . אַ פיינער גאָט אַז מען קען אַפילו זיין נאָמען ניט געדענקען . . . שוין ניט ניחא צו לעבן אויף דער וועלט . . . רק זיי וואָלטן אַליין אַנדערש גע־מאַכט. אַז די דייטשן זיינען גאָר קיין דייטשן ניט און דייטשן זיינען גאָר יענע, וואָס זיינען אמתע דייטשן. היינט ווער זיי־נען אמתע דייטשן? איך דענק, אַז זיי מיינען, אַז קעלבער און הינער זיינען דייטשן, ווייל זיי דינען ניט צו קריסטוסן, וואָס איז אַ אידישער גאָט און דערפאַר טאָרן אידן זיי ניט שעכטן. און די אידן און די קאָמוניסטן זיינען ניט קיין דייטשן, ווייל זיי מעג מען שעכטן און פייניקן. אויב אַזוי איז וואָס בין איך? איך גלויב אין קריסטוסן און מיין מאַן איז געווען אַ קאָמוניסט. און אפשר בין איך אויך אַ קאָמוניסטקע. בין איך אַ דייטשקע? (טאַפּט זיך ביים האַלדז) איז נאָך מיין קאָפּ דאָ אויף די פּליי־צעס? . . . (זי האָט דערווייל אַריינגעגאָסן דאָס געקעכץ אין אַ

טעלער, אים אוועקגעשטעלט אויפֿן טיש, און איז צוגעקומען צום בעט) און איצט, מאַדאַם, וועלן מיר אייך אַביסעלע אויפֿהייבן און איר וועט עסן אַביסל זופּ.

(אַ קלאַפּ אין טיר. דערשראָקן, בלייבט זי שטיין).

מען קלאַפּט . . . ווער קען דאָס זיין ? . . . אַזוי שפּעט אין דער נאַכט . . .

(זי שטייט ווי פֿאַרגליווערט און הערט זיך איין. מען קלאַפּט ווידער. שטיל טרעט זי צו צו דער טיר און קוקט אַרויס דורכן שליסל־לאָך).

אַ מאַן . . . בלויז איינער . . . ס'קען ניט זיין קיין שטורמער . . . אַ שטורמער קומט קיינמאָל ניט אַליין . . . (הויך) ווער איז דאָרט ?

אַ קול פֿון דרויסן : וואוינט דאָ פֿרוי יאָהאַנאַ אָבערבאַך ?

יאָהאַנאַ : פֿרוי יאָהאַנאַ אָבערבאַך ? . . . יאָ . . . וואָס באַדאַרפֿט איר ?

קול פֿון דרויסן : דאַן זייט אַזוי גוט און עפֿנט אויף. כ'האָב עטוואָס וויכטיקס פֿאַר אייך.

יאָהאַנאַ : ווער זיינט איר ?

קול פֿון דרויסן : האָט קיין מורא ניט צו עפֿענען. איך בין פֿון דער הייליקער קירך צו אייך געשיקט געוואָרן.

יאָהאַנאַ : פֿון דער קירך ? . . . וואָס וויל די קירך פֿון מיר ? . . .

(זי עפֿנט פֿאַרזיכטיק אַביסל אויף די טיר און קוקט אַרויס אין דרויסן. קענטיק, אַז דער מאַן, הינטער דער טיר, געווינט איר צוטרוי, וואָרים זי לאָזט אים אַריין.
עס קומט אַריין אַן עלטערער מענטש, מיט אַ גרויער באָרד, אין ברילן, געקליידט ווי אַ מאָנאַך. ער קוקט זיך אַרום און אויף זיין פּנים דריקט זיך אויס אויסערגעוויינלעכער פּיין און ווייטיק.)

דער מאַן : יאָהאַנאַ ! . . .

(זי שטייט פאַרוואונדערט — ווי עפּעס איז איר באַקענט
אין דעם מאַן, און דאָך קען זי אים ניט).

**יאָהאַנאַ! . . .**

(ער טוט אויס די ברילן און נעמט פון זיך אַרונטער די באָרד).

יאָהאַנאַ (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ): **הער האָפמאַן!**

האָפמאַן: **מיין מוטער! . . . יאָהאַנאַ, מיין מוטער! . . .**

(און ער וואַרט ניט אויף איר ענטפער, נאָר ער לויפט גלייך צו דער בעט)

**מוטער! . . . מוטערל מיינס! . . .**

(און ער פאַלט צו צו איר און וויל זי אַרומנעמען. יאָהאַנאַ האַלט אים אָבער אָפּ).

יאָהאַנאַ: **זייט פאָרזיכטיק, הער האָפמאַן, אירע וואונדן . . .**

האָפמאַן (דערשראָקן): **וואונדן? . . .**

יאָהאַנאַ: **איך מיין די וואונדן, וואָס די שטורמער האָבן איר געמאַכט . . .**

האָפמאַן: **די שטורמער? . . .** (און ער באַגרייפט דעם אמת און מיט אַ באַנומענעם קול:) **מוטער! . . . מוטערל! . . . מען האָט דיך דאָ געפּייניקט . . .**

(און פאָרזיכטיק, אום ניט אָנצורירן זי מיט די הענט, בויגט ער זיך איבער איבער איר, באַטראַכט זי און טרעט צוריק אָפּ מיט שרעק).

**מוטער! מוטער!!**

(מאַדאַם האָפמאַן באַוועגט זיך ניט)

**מוטער!!! יאָהאַנאַ, זע, וואָס איז מיט מיין מוטער? . . .**

(און פאָרזיכטיק רירט ער אָן איר פּנים און טרעט אָפּ אין מוראַדיקער שרעק)

**טויט . . .**

יאָהאַנאַ: **טויט? . . .**

(און אויך זי מיט אַ באַנומענעם קול:)

מאַדאַם האָפמאַן! . . .

(זי פאַלט צו צום בעט און פאַנגט אָן שטיל וויינען.)

האָפמאַן: (שטייט ווי פאַרגליווערט איבערן טויטן קער־פּער. איבער זיין גאַנצן לייב גייט דורך אַ ציטער, וואָס ער ווענדט אָן אַלע זיינע כוחות איינצוהאַלטן. זיינע פויסטן פאַרקלעמען זיך, דער ציטער איבערן קערפּער הערט ביס־לעכווייז אויף.)

(פויזע)

געפּייניקטע מוטערל מיינע . . .

(ער דעקט אָפּ איר ברוסט און שוידערט אָפּ)

בראַנד־וואונדן . . .

(פויזע. און דערנאָך צו יאָהאַנאַן:)

פאַרוואָס האָבן זיי זי געפּייניקט, יאָהאַנאַ?

יאָהאַנאַ: די שטורמער . . . זיי האָבן זי גענומען אין קאָנצענטראַציע לאַגער . . .

האָפמאַן: ווי לאַנג צוריק, יאָהאַנאַ?

יאָהאַנאַ: אַרום דריי וואָכן.

האָפמאַן: פאַרוואָס האָסטו מיר וועגן דעם ניט געמאָלדן?

יאָהאַנאַ: וואָס וואָלט איר געקענט העלפן?

האָפמאַן: האָסטו מיר קיין טעלעגראַמע ניט געשיקט?

יאָהאַנאַ: ניין.

האָפמאַן: אַהאַ . . .

(ער שפּאַצירט הין און צוריק איבערן צימער און דערנאָך שטעלט ער זיך ווידער אָפּ לעבן יאָהאַנאַן)

ווער האָט זי אַהער געבראַכט?

יאָהאַנאַ: אין אַן אַמבולאַנס האָבן זיי זי געבראַכט און אַ דאָקטאָר האָבן זיי געשיקט און ער האָט איר געגעבן זאַלבן . . .

האָפמאַן (מיט פאַרקלעמטע פויסטן): אַ פאַסטקע פאַר מיר אונטערגעשטעלט . . .

(דריי קלעפּ אין טיר)

יאָהאַנאַ (דערשראָקן): ווער איז דאָס?

האָפמאַן: דריי קלעפּ — קלאַראַס סיגנאַל.

(און ער איילט זיך צו עפענען).

קלאַראַ (זי קומט אין צימער ניט אַריין): לאַזאַר, פאַר־דעכטיקע מענטשן אין דרויסן. שנעל!

יאָהאַנאַ: אוי ווײ! ראַטעוועט זיך, הער האָפמאַן!

קלאַראַ: דאָ איז דאָ אַ הינטערשטער אַרויסגאַנג. קום!

האָפמאַן (בויגט זיך איבער איבער זיין מוטערס קערפּער):

מוטערל, אַפילו צו דיין אייביקער רו קען איך דיך ניט באַגלייטן . . .

(ער קען זיך מער ניט איינהאַלטן און פון זיין האַלדז רייסט זיך אַרויס אַ פאַרשטיקטער געוויין. אָבער ס׳דויערט ניט לאַנג.)

איך שווער דיר אָבער, מוטערל, אַז דער איבל, וואָס האָט דיך פאַרניכטעט, זאָל אַליין פאַרניכטעט ווערן!

(און ער סאַלוטירט:)

ראָט פראָנט, מוטערל! מיין ערשטער סאַלוט צו דיר, מוטערל!

(נעמט אַרויס געלט און דערלאַנגט יאָהאַנאַן)

יאָהאַנאַ, טרייע נשמה, גיב דו אַכטונג אויף איר קבורה . . .

(נעמט זי אַרום און קושט זי אין שטערן)

אַ דאַנק, יאָהאַנאַ!

יאָהאַנאַ (ווישט זיך די אויגן): אָ, הער האָפמאַן . . . און איר מוזט אַוועק . . .

האָפמאַן: זייט געזונט, יאָהאַנאַ.

יאָהאַנאַ: וואו זאָל איך זי מקבר זיין, הער האָפמאַן?

האָפמאַן: וואו? . . . קיין חילוק ניט. וואו איר קבר זאָל ניט זיין, וועט יענער אָרט הייליק זיין.

(דערנאָך)

לעבן באַרוכס קבר, אויב מעגלעך.

קלאַראַ (פון דרויסן): לאַזאַר, אייל זיך!

האָפמאַן: איך גיי!

(און ער גייט אַרויס).

פוירהאַנג



# בילד זעכצן

אין אַ האַלבער שטונדע אַרום.

אַן אָרים צימער. פינצטער. אין צימער איז קיינעם ניטאָ. עס דערהערט זיך באַלד ווי די טיר ווערט אָפּגעשלאָסן און עס קומען אַריין קלאַראַ און נאָך איר — האָפּמאַן.

קלאַראַ (אָטעמט שווער): אוה ...

האָפּמאַן: פאַרמאַטערט געוואָרן?

קלאַראַ: די שטיגן ...

האָפּמאַן: מיר זיינען אָבער אַדורך אומבאַמערקט.

קלאַראַ: זיי האָבן אונדז יאָ געזען, אָבער זיי איז ניט איינגעפאַלן, אַז דאָס זיינען מיר.

האָפּמאַן (זינקט איין): מוטער ...

קלאַראַ (פּרואווט אים טרייסטן): אָרימער לאַזאַר ... צווייפל וועט ניט העלפן.

האָפּמאַן (באַהערשט זיך, לייגט אַרויף זיין האַנט אויף קלאַראַס קאָפּ, צערטלט זי) ביזט געדעכט.

(פירט זי צו דער זאָפע. זיי זעצן זיך).

צווייפל וועט ניט העלפן. עס פאָדערט זיך טאַט!

קלאַראַ: וואָס נאָך קען מען טאָן?

האָפּמאַן: קעמפן!

קלאַראַ (דערשראָקן): קעמפן? ... אָבער ווי אַזוי?

האָפמאַן: ווי אַזוי? דאָס ווייס איך נאָך ניט. איך בין אָבער זיכער, אַז מיר זיינען ניט די איינציקע אומצופרידע־נע. זיי זיינען דאָ אין די פילע טויזנטער. אפשר מיליאָנען. דאַרף מען שאַפן די מיטלען מיט זיי צוזאַמענצורײדן זיך.

קלאַראַ: מיר קענען דאָ אָבער ניט פאַרבלייבן. מ'וועט אונדז אין בערלין דערקענען . . .

האָפמאַן: בערלין איז ניט גאַנץ דייטשלאַנד.

קלאַראַ: וואוהין וועלן מיר פאָרן?

האָפמאַן: מיר? . . . איך אַליין וועל פאָרן, קלאַראַ.

קלאַראַ: איך בין מיט דיר ביז איצט געפאָרן, וועל איך דאָס אויך ווייטער אויך טאָן.

האָפמאַן: קלאַראַ, מיין וועג וועט אפשר זיין אַ געפער־לעכער.

קלאַראַ: איך בין גרייט.

האָפמאַן (נעמט זי אַרום): אַ דאַנק, קלאַראַ. (דערנאָך שטייט ער אויף) דאַן לאָמיר פאָרן.

קלאַראַ: שוין?

האָפמאַן: צוליב וואָס פאַרלירן צייט?

קלאַראַ: אָבער וואוהין?

האָפמאַן: מיר וועלן קומען צו דער ערשטער באַן־סטאַנציע, אַרויפשטייגן אויף דער ערשטער באַן, און פאָרן וואוהין זי וועט אונדז פירן.

קלאַראַ: איך בין גרייט.

פינצטער

# בילד זיבעצן

א מאַרק־פּלאַץ ערגעץ אין דייטשלאַנד. קאַרו־
סעלן; אַן אַריינגאַנג צו אַ צירק; ביידלעך
מיט עסנוואַרג און געטראַנקען. אַ גרויסער
המון. טומל און גערודער.

קעלנער (ביים אַריינגאַנג צום צירק): צען פּעניג,
בלויז צען פּעניג! דער גרעסטער וואונדער פון דער וועלט:
האַלב מאַן, האַלב פרוי. צען פּעניג, בלויז צען פּעניג!

צווייטער קעלנער (ביי די קאַרוסעלן): די ווירל־
ווינט־רייזע אויף אַראַבישע פערדלעך, שנעלער פון דעם ווינט!
פינף פּעניג, בלויז פינף פּעניג!

דריטער קעלנער: לעמאָנאַד! לייפּציגער וואורשט־
לעך! מינכענער ביר!

ערשטער קעלנער: די גרעסטע פּאַרזענישן פון
דער וועלט, ליפּן אָפּגעצויגן ווי ביי אַ העלפאַנט! צען פּעניג,
בלויז צען פּעניג!

צווייטער קעלנער: אונטערערדישע וואַסער־רייזע!
פינף פּעניג!

דריטער קעלנער: זויערער וויין, פון די פּראָווינצן
ביים רהיין!

אַ גרופּע אַרבעטער: (שטעלן זיך אָפּ און קוקן אויף
די שילדן ביים צירק).

ערשטער קעלנער: קומט אַריין, קומט אַריין, מיינע
פריינט! די גרעסטע וואונדער פון דער וועלט פאַר בלויז צען
פּעניג.

ערשטער אַרבעטער: ווען איך האָב צען פעניג, וואָלט איך געגאַנגען אַהין. (ציינט אָן אויפן בילד מיט עסנוואַרג).

ערשטער קעלנער: גרעסטער וואונדער פון דער וועלט, צען פעניג.

צווייטער אַרבעטער: אַ לייפציגער ווארשטל צווישן מיין ציין, וואָלט נאָך וואונדערלעכער געווען.

(זיי טרעטן אָפּ).

(אַ גרופּע לעב-יונגען קומט אָן).

ערשטער: דאָ ענדיקט זיך עס. לאָמיר זיך צוריק־קערן.

צווייטער: די פּאַרזעענישן אין צירק?

ערשטער קעלנער: קומט זעט! די פעטסטע פרוי אויף דער וועלט! צען פעניג, בלויז צען פעניג!

צווייטער ליידיקגייער: טאַקע ביליק!...

דריטער (צום קעלנער): נעם פופציק פעניג, זי זאָל אָבער ניט זיין אַזוי פעט...

(געלעכטער).

קעלנער (קוקט זיך פאַרזיכטיק אַרום): צען מאַרק! אַן אויסנאַם!

פערטער: צען מאַרק? צופיל! פינף!

קעלנער: גייט מיר נאָך!

(זיי גייען אַלע אַריין אין צירק דורך אַ זייטיקער טיר).

(אַ גרופּע יונגוואַרג).

ערשטער: מיר געפעלט ניט דאָ דער פּלאַץ. אַהער קומען די מיאוסקייטן בלויז.

צווייטער: לאָמיר בעסער גיין אין האָפּענדאָרף. דאָרט איז, צו דעם ביר, אויך די קעלנערין באַ'טעמ'ט.

דריטער: דיזעלביקע וואָס האָט דיך נעכטן אויסגע־פּאַטשט?

(געלעכטער).

צווייטער: ס'האָט זיך איר געפּאַסט צום רומל —

צווישן די געסט איז אויך פרינץ האַופּטמאַן געווען און האָט זיך צו איר גע'חנ'דלט.

דריטער: אַזעלכע ווי זי קריגט מען פאַר פינף מאַרק אומעטום.

פערטער: לאָמיר פאַרגיין אַהער. אַ שנאַפּס און צובייסן קריגט מען דאָ אויך.

(אָפּ).

אַ יונג מיידל: לאָמיר גיין צוריק.

אַ צווייטע: זיי זיינען פאָרט אַהער אַוועק און דאָ ערגעץ מוזן זיי זיין.

אַ דריטע: איז ניט זיי, זיינען דאָ אַנדערע פיל. אַז מיר וועלן זיי נאָכפאָלגן, וועלן זיי מיינען, אַז מיר גייען טאַקע אַריין פון זיי איך התפעלות.

די ערשטע: קאַרל איז דאָך אָבער אויך מיט זיי.

אַ פערטע: דאַרפן מיר זיך דען שלעפּן נאָך דיין קאַר־לען? וואָס וועט אונדז דערפון אַרויסקומען?

די ערשטע: זיי זיינען דאָרט פיל. ס'וועט זיך געפינען איינער אויך פאַר דיר.

אַ פינפטע: לאָמיר גיין צו די קאַרוסעלן. זיי זיינען זיכער דאָרט.

די פערטע: איך האָב ניט קיין געלט.

די ערשטע: איך צאָל פאַר אַלעמען.

די צווייטע: רייך געוואָרן?

דריטע (מיטן האַנט אויף דער ערשטערס בויך): קאַרל וואָט דיך רייך געמאַכט?...

(געלעכטער. אָפּ).

אַ גרופּע סטודענטן:

ערשטער: קוטשי־קוטשי־קוטשששש! זע נאַר ווי זיי דרייען עם מיט די ווידלעך! (אימיטירט דעם מיידלשן הילוך).

צווייטער: לאָמיר זיי נאָכפאָלגן אַהין. אויף די קאַרו־סעלן איז די לייכטסטע זאַך צו שליסן באַקאַנטשאַפט.

דריטער: ס'קאָסט פינף פעניג אַריינגיין און זיי זיינען דאָס ניט ווערט.

צווייטער: דער ערגסטער פון זיי בין איך גרייט צו געבן אַ מאַרק...

ערשטער: לאָמיר גיין.

(אָפּ).

צוויי באַלעבאַטישע מיידלעך:

ערשטע: זע נאָר די סטודענטן, ווי זיי פאָלגן נאָך אָט די גאָרנישטן. מער קיין ראַנדעוואוס וועל איך מיט זיי ניט מאַכן.

צווייטע: עס איז מיין פּרינציפּ אַלעמאָל געווען אויס־צומיידן סטודענטן. זיי זיינען קיינמאָל ניט ערנסט. און גיי וואַרט יאָרן אויף זייער קאַריערע.

ערשטע: דאָך האָסטו אָפּגעזאָגט אַדאָלפן דעם קצב צוליב פרידריכן דעם סטודענט.

צווייטע: ס'אַמשל. זאָל איך מיט אַ קצב חתונה האָבן? ווער, מיינסטו, בין איך?

צוויי באַלעבאַטים:

ערשטער: פריער פלעגט דער בירגערמייסטער אויך אַרויספליגן שטייערן, אָבער געטאָן האָט ער עס מיט חסד, ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז ער וועט אויפרעגן קעגן זיך די באַ־פעלקערונג, וועט מען אים נידערשטימען ביי די וואַלן. איצט איז אַסך ערגער. די שטייער־לאַסטן זיינען שוין אומדער־טראָגלעך.

צווייטער: אפשר איז אין בערלין דיקטאַטור נויטיק, אָבער דאָ ביי אונדז איז די אַלטע אָרדנונג געווען אַסך בע־סער. דערמיט בין איך מיט אייך מסכים.

ערשטער: זיי האָבן פאַרשפּראָכן אַרויסוואַרפן די אידן פון די געשעפטן, אום מיר זאָלן לייזן מער. נו, האָבן זיי דאָס געטאָן?

צווייטער: אידישע געשעפטן פאַרמאַכן זיך.

ערשטער: אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז אונדזער ליי־זונג ווערט ניט גרעסער.

צווייטער: אַלע קונים לויפן צו די אוניווערסאַלע מאַ־גאַזינען. דער באָיקאָט קעגן אידן ברענגט נוצן בלויז זיי.

ערשטער: און די אוניווערסאַלע מאַגאַזינען — האָבן זיי דען ניט פאַרשפּראָכן צו פאַרמאַכן, כדי מיר, דער מיטל־שטאַנד זאָל אויפקומען?

צווייטער: וואָס אמת איז אמת, זיי האַלטן ניט קיין וואָרט.

ערשטער: זיי זיינען פאַרקויפט צו די רייכע — אָט וואָס.

שיכורע שטורמער (זינגען):

שלאָג ביז בלוט דעם רויטן אָפּשטאַמער!
שטורמער גייען — טרעט אָפּ דעם וועג!
ווען אידיש בלוט פליסט איבערן מעסער,
איז פאַר אונדז דעמאָלט אַסך בעסער.

(און זיי שרייען אויס:)

האַיל היטלער!

דער גאַנצער המון (ווי דורך אַ מוראדיקן שטורם, ציט זיך אויס אין אַ סאַלוט): האַיל היטלער!

אַ שטורמער: אַ ניי ליד! לאָמיר זינגען אַלע צו־זאַמען!

(און אַלע זינגען:)

זיי געגריסט, טייערע היימאַט,
איבער שטעט און איבער דערפער
הויבט זיך אָן דער גרויסער טאַט;
האָך צו דיר, וואָס מיטן קראַנץ פון זיגער,
האָסטו ווי אַ דונער געשיקט דעם רוף:
ראָזאַ לוקסענבורג דערמאָרדן זאָלן קריגער,
פון קאַרל ליבקנעכט בלייבן זאָל אַ טויטער גוף.

אַ שטורמער (טרעט אַרויף אויף אַ פלאַטפאָרמע און

דעקלאַמירט):

פון דעם רויטן קאָמוניסט
בין איך פיל שטאַרקער,
איך כאַפּ אים פאַרן גאָרגל
און וואַרף אים אויף דער ערד,
ער ליגט,
קרעכצט מיט אָנגעשוואָלענע, פאַרבלוטיקטע אויגן,
פייגער, בעסטיע! איך צעברעך אים דעם שאַרבן!
און איצט בין איך פריי!

אַלע (אַפּלאָדירן): בראַוואָ! בראַוואָ!

שטורמער (פאַרנייגט זיך און דערנאָך, פּלוצים):
האַיל היטלער!

(אַלע סאַלוטירן).

שטורמער (זינגען):

ווען איך דערהער דאָס וואָרט קולטור,
נעם איך מיין ברוינינג אַרויס — — —

(אָפּ. דער המון אָטעמט פרייער אָפּ. עס פאַלט אָפּ די שטייפקייט און דער מאַרק נעמט צוריק אָן זיין געוויינלעכן פנים. די קעלנער רופן אויס זייערע וואָרעם. די סטודענטן מיט די מיידלעך, פאַרנוויז, קומען צוריק פון די קאַרוסעלן.)

ערשטער בירגער (אין דער ריכטונג פון די שטורמער): אַ פּגירה אויף זיי. פון אונדז שינדן זיי די הויט און אַליין לאָזן זיי זיך וואוילגיין.

צווייטער בירגער: לאָמיר גיין, אַ־ניט וועט מען אונדז באַשטייערן פאַר באַטרעטן די גאַסן.

ערשטער בירגער: און אין הויז וועט מען אונדז באַשטייערן פאַר באַטרעטן אונדזער שוועל.

סטודענט (צו זיין מיידל): סוף־כל־סוף געפונען דיך!
(נעמט זי אַרום.)

דאָס מיידל (באַפרייט זיך פון אים): ניט שיין אין מיטן גאַס!

סטודענט: דאַן לאָמיר גיין אין פּאַרק.

(שלעפּט זי צום אַרויסגאַנג, אָבער אַ שטורמער פאַרשטעלט זיי דעם וועג).

שטורמער: אָ, גרעטכען, וואויל און שיין!

דאָס מיידל: מיין נאָמען איז העלענאַ!

שטורמער: קיין חילוק ניט, אַבי דו ביזט שיין. (נעמט זי אונטערן אָרעם) לאָמיר גיין!

דער סטודענט (שטעלט זיך אים אַנטקעגן): מיין הער, ווי וואַגט איר? —

שטורמער: טרעט אָפּ, שוויין!

סטודענט: און ווער זיינט איר?

שטורמער: אַ שטורמער, ביזט דען בלינד?

סטודענט (נעמט אַרויס פון קעשענע אַ האַקן-קרייץ און טוט עס אָן אויפן אַרבל): ווען עס רעדט זיך וועגן פּרינציפּ, איז ער מיר אויך ניט פרעמד.

שטורמער: דאַן בעט איך אַנטשולדיקונג.

(זיי סאַלוטירן זיך און דער שטורמער טרעט אָפּ).

(סטודענט און מיידל אָפּ).

באַלעבאַטישע מיידל (באַאָבאַכטנדיק דעם אינצידענט): אַ שאָד, כ'האָב געמיינט, אַז ער וועט ביי אים אָפּנעמען זיין מיידל.

די צווייטע: זיי זיינען אַלע איינס.

די ערשטע: זיי זיינען אַוועק אין פּאַרק.

די צווייטע: לאָמיר זיי דאָרט איבערראַשן.

ערשטע: קום!

(זיי ווערן אָבער פאַרהאַלטן פונם שטורמער).

שטורמער: צוויי גרעטכענס וואויל און שיין.

(די מיידלעך קערן זיך פון אים אָפּ און ווילן אים פאַרבייגיין. ער פאַרשטעלט זיי דעם וועג)

אַ שאָד, צוויי שיינהייטן אָן אַ באַגלייטער.

ערשטע: מיין הער, איר זיינט מיר אומבאַקאַנט.

שטורמער (שטעלט זיך פאַר): מיין נאָמען איז היינץ שום.

צווייטע מיידל: איר האָט שלעכט געטראָפן, מיין הער. מיר זיינען ניט פון דידאָזיקע מיידלעך.

שטורמער: אָבער שפּאַצירן מעגן מיר דאָך צוזאַמען.

ערשטע: מיר גייען ניט אין אייער וועג.

שטורמער: איך גיי אָבער אייער וועג. וואוהין איר ווילט — אין פּאַרק, אין קאַפע־שאַנטאַן, אָדער, אויב איר ווילט, אין האָטעל פּרימאַדאָר און טאַנצן דאָרט אַ וואַלס . . .

צווייטע: מען קען ניט טאַנצן זאַלבעדריט.

שטורמער: עס איז דאָ אַ פערטער — מיין קאָמעראַד. ער וואַרט אויף מיר ביים אַרויסגאַנג.

(ער פירט זיי צום אַרויסגאַנג. און זיי, כאָטש שטייף, פאָלגן אים נאָך).

(מיט פייקלעך און בלאָז־אינסטרומענטן קומט אָן אַ גרופּע פון דער סאָלאָווייטשאַן אַרמיי, אָנגעפירט פון — לאַזאַר האָפמאַן און קלאַראַ. זיי טראָגן מיט אַ קליינע פּלאַטפאָרמע, אויף וועלכער האָפמאַן שטייגט אַרויף. דער עולם פאַרזאַמלט זיך אַרום זיי).

האָפמאַן: דייטשע פרויען און מענער! עס האָט אונדז קריסטוס ניט פאַרווערט הנאה צו האָבן פון לעבן, עס איז אָבער אַ זינד, ווען מיר האָבן הנאה און דערמאָנען דערביי ניט זיין הייליקן געבאָט. איך וועל דערפאַר פאָרלייענען פאַר אייך אַ קאַפּיטל פון דעם נייעם טעסטאַמענט און דאַן וועלן מיר אַלע צוזאַמען זינגען אין כאָר און לויבן זיין הייליקן נאָמען:

(איינער דערלאַנג אים אַ טעסטאַמענט און ער עפנט אים אויף).

איך וועל פאַר אייך פאָרלייענען דעם דאָזיקן קאַפּיטל, וואָס מיין האַנט וועט אויפעפענען (קוקט אַריין אין טעסטאַמענט) קריסטוסעס דרשה אויפן באַרג!

(לייענט פאָר):

„גליקלעך זיינען די וואָס זיינען ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, ווייל

זיי דערקענען גאָט ; גליקלעך זיינען די וואָס טרויערן, ווייל צו זיי וועט קומען טרייסט ; גליקלעך זיי די דערנידעריקטע און באַליידיקטע, ווייל אין דער ווירקלעכקייט וועלן זיי מיט דער צייט ירשענען די ערד ; גליקלעך זיינען די, וואָס לעכצן נאָך גוטס, וואָרים זיי וועלן קריגן זייער געצאָלט ; גליקלעך זיינען די מענטשן פון פרידן, ווייל זיי וועלן ווערן די באַליבטסטע פון גאָט ; די גליקלעכסטע אָבער זיינען די פאַריאָגטע און פאַר־קלאָגטע, די דערנידעריקטסטע און די געשימפּסטע, זאָלן זיי פרייען זיך, ווייל אַלע אָרנטלעכע און גוטע מענטשן ווערן פאַר־פאָלגט און די צוקונפט באַלאַנגט צו זיי.

(פויזע. אין דער צייט קומען פון צירק אַרויס די גרופּע ליידיקגייער).

איינער : ווערט געווען די פינף מאַרק.

צווייטער : אַ בראנד אויף מיינער — זי האָט ביי מיר אַרויסגעריסן נאָך דריי מאַרק.

דריטער : מאָרגן קומט מיינע צו מיר. אויף אַ גאַנצער נאַכט. אַזאַ פאַרקויפטע ווי זי איז — דאָך פלאַמט זי נאָך.

פערטער : און מיינע איז געווען ווי אַ פגירה. פון די פינף מאַרק, האָב איך פיר איבערגעצאָלט.

ערשטער (אויף דער סאָלאָווישאַן אַרמיי) : און וואָס פלאַפּלען די ?

דריטער : לאָמיר הערן !

צווייטער : ווייסיך וואָס. לאָמיר גיין !

ערשטער : וואוהין ?

צווייטער : נאָך אַ פרוי ווער איך דורשטיק אַלעמאָל.

צווייטער קעלנער : מינכענער ביר ! זויערער וויין פון די פראָווינצן ביים רהיין !

האָפמאַן (לייענט ווידער פאָר) : איר האָט געהערט ווי מען זאָגט : „דו זאָלסט ניט נואפן ! ״ אָבער איך גיב אייך היינט אַ העכערן געזעץ. ווער עס קוקט נאָר אויף אַ פרוי מיט אַ שלעכטער כוונה, האָט שוין געזינדיקט, ווייל דאָס געזעץ

פון גאָט פאַלט אויף דעם געדאַנק אַזוי גוט ווי אויף דעם טאַט. באַהערשט אייער געדאַנק ווי אייער טאַט.

ערשטער לעבעדיקער: מ'זאָל אים אַריינפירן אַהין, וואָלט ער גאָר אַנדערש געדרשנט.

פערטער: איך גלויב ניט. זיי אַלע זיינען יעזואיטן.

אַ פּאָליציאַנט (קומט האַסטיק אָן): אַ פאַרזאַמלונג?

האָפמאַן: מיר טוען תפילה.

פּאָליציאַנט: פאַרזאַמלונגען זיינען שטרענג פאַרבאָטן.

האָפמאַן: מיר לייענען בלויז פאַר דעם נייעם טעסטאַמענט.

פּאָליציאַנט: אויף דעם איז דאָ אַ קירך. גייט זיך פאַנאַנדער!

האָפמאַן: אויסטיילן דעם נייעם טעסטאַמענט איז אויך פאַרבאָטן?

פּאָליציאַנט (קראַצט זיך דעם נאַקן): אויסטיילן? . . . דאָס גלויב איך איז דערלויבט.

האָפמאַן: ברידער, שוועסטער! די סאָלאָוויישאָן אַרמיי האָט איצט אַריינגעקראָגן טויזנט נייע טעסטאַמענטן צו צעטיילן פריי. ווער וויל אַן עקזעמפּלאַר?

דער עולם (שטרעקן אויס די הענט): איך! איך!

(האָפמאַן און זיינע באַגלייטער פאַרטיילן די ביכער).

פּאָליציאַנט: איצט צעגייט זיך.

(האָפמאַן און באַגלייטער אָפּ).

ערשטער לעבעדיקער: איך האָב אויך געקראָגן אַן עקזעמפּלאַר.

צווייטער: איך בין דורשטיק. לאָמיר גיין.

ערשטער קעלנער: האַלב פרוי, האַלב מאַן, צען פעניג.

צווייטער קעלנער: קאַרוסעלן, קאַרוסעלן, בלויז פינף פעניג.

דריטער קעלנער: מינכענער ביר! האַמבורגער ווארשט!

דריטער לעביונג: אין בעט, נאָך דער מיידל, איז גוט צו לייענען, וועט דיר צוניץ קומען די עוואַנגעליע.

ערשטער בירגער (בלעטערט דעם באַקומענעם טעס־טאַמענט, טוט אַ שטויס דעם צווייטן): זע נאָר, זע!

צווייטער: וואָס איז אַזוינס?

ערשטער: ס׳איז ניט דער נייער טעסטאַמענט!

צווייטער: וואָס דען?

ערשטער: צווישן די בלעטער פונם טעסטאַמענט, אויפקלערונגען פון דעם אַנטיפאַשיסטן ליג!

צווייטער: וואָס פלאַפלסטו?

ערשטער: אָט לייען!

צווייטער (קוקט אריין אין טעסטאַמענט און דערשרעקט זיך): באַהאַלט דאָס בוך! מ׳וועט אונדז נאָך אַרעסטירן. זע, שטורמער קומען!

(זיי טראָגן זיך אָפּ. אַן אָפּטיילונג שטורמער קומט האַס־טיק אָן.)

זייער עלצטער: זיי זיינען שוין דאָ ניטאָ.

(ווענדט זיך צו אַ פאַרבייגייענדיקן אַרבעטער:)

האָט איר דאָ געזען אַ גרופּע פון דער סאַלאָווייִשאָן אַרמיי?

אַרבעטער: זיי זיינען דאָ נאָר וואָס געווען.

עלצטער: אויסגעטיילט טעסטאַמענטן?

אַרבעטער: יאָ.

עלצטער: וואוהין זיינען זיי אַוועק?

אַרבעטער: אַהין (צייגט אָן אַ פאַרקערטע ריכטונג).

עלצטער (צו די שטורמער): שנעל, מיר מוזן זיי כאַפּן! (שטורמער אָפּ).

אַרבעטער (קוקט זיי נאָך): מיט דער צייט וועט מען, אָנשטאָט זיי, אייך כאַפּן, קאַנאַליעס!

פוירהאַנג

# בילד אַכצן

אַ קעלער פון אַ שענק.

ביי אַ טיש זיצן: האָפמאַן, קלאַראַ, דער שענ־
קער און זיינע עטלעכע געהילפן.

האָפמאַן: נעכטן איז געווען אונדזער ערשטער אַרויס־טריט. דער דערפאָלג איז געווען גרויס. אַריבער טויזנט עק־זעמפּלאַרן פון דעם נייעם טעסטאַמענט זיינען פאַרטיילט גע־וואָרן. מיר קענען זיך פאָרשטעלן, אַז ניט בלויז איין טויזנט מענטשן וועלן עס לייענען, נאָר צענדליקער טויזנטער. יעדער נייער טעסטאַמענט וועט דורכגיין טוזנט הענט. דער עולם איז נייגעריק צו וויסן דעם אמת וועגן היטלערן, זיין רעזשים און זיינע ברוטאַלע און וואַנזיניקע טאַטן. היטלער האָט פאַרכאַפּט אין זיינע הענט די גאַנצע פּרעסע, וואָס זינגט בלויז שבחים צו אים, איז אונדזער אויבגאָב אויפצוקלערן דעם ריינעם אמת און דעמאַסקירן אים. און ווען דאָס פאָלק וועט דעם אמת וויסן, וועט עס דעם רעזשים ניט דולדן. אויפקלערונגס־אַרבעט, דאָס איז דערווייל אונדזער הויפּט אויפגאָב. חוץ דעם מוזן מיר אויך דעמאָנסטרירן פאַרן פאָלק, אַז עס איז דאָ אין לאַנד אַ פּראָטעס־טירנדיקער און קאַמפּסלוסטיקער כוח, וועלכער וועט מיט דער צייט שטירצן אָט די ברוטאַלע מאַכט און צוריקברענגען די פאַרלוירענע פרייהייטן.

שענקער: איך מוז אייך דאָ אונטערברעכן מיט דער באַמערקונג, אַז ניט צוריקברענגען ווילן מיר דאָס וואָס איז גע־ווען. געווען איז כאַאָס און פאַרראַט מצד כלומרשטע פריינט.

דאָס האָט געמיינט אַ ברייטן טויער פֿאַר היטלערן צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט. וואָס מיר ווילן איז, ניט צוריקקערן זיך צום אַלטן און פֿאַרפֿוילטן, נאָר צו אַ נייער אָרדנונג, וואו די מאַכט זאָל איבערגעגעבן ווערן צום האָרעפּאַשניק, אַז ער זאָל אויפֿבויען די ליכטיקע צוקונפֿט פֿון דער וועלט.

האָפֿמאַן: איך בין מיט אייך מסכים, און איך בעט אַנטשולדיקונג פֿאַרוואָס איך בין נאָך ניט געאיבט אין דער שפּראַך פֿון די קעמפֿער צו ווענדן אידייען און טעטיקייט איך בין צוגעשטאַנען. איצט איז עס אָבער ניט אַ פֿראַגע פֿון טערמינאָלאָגיע, נאָר די פֿראַגע פֿון האַנדלונג. און אין האַנדלונג מוזן מיר אַלע מיטלען אויסנוצן און אַלע מיטלען זיינען כשר. אָט, למשל, בין איך קעגן שיכּרות, דאָך בין איך געווען דערפֿאַר, אַז איר זאָלט עפּענען אַ שענק, ווייל פֿון אַ שענק איז לייכטער אָנצופֿירן אונדזער אַרבעט. ווען עס איז נויטיק געווען, האָב איך זיך געכטן פֿאַרקליידט פֿאַר אַ סאָלאָווייטשאָן־אַרמייער און איך וואָלט אַפֿילו אַ קירך געעפֿנט און געוואָרן אַ גלח, אַבי מיר זאָלן קענען אָנפֿירן אונדזער אַרבעט. צוליב דעם דערפֿאָלג פֿון דער זאַך, וואָלט איך זיך ניט נאָר פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ גלח, נאָר האַנט־אין־האַנט וואָלט איך מיט זיי אַפֿילו געגאַנגען. איצט איז ניט נויטיק, אַז אונדזערע מיטקעמפֿער, זאָלן אויך אידייאיש פֿולשטענדיק אייניק זיין מיט אונדז. עס איז גענוג, אַז זיי אייניקן זיך מיט אונדז אויף דעם לאָזונג פֿון אַנטיפֿאַשיזם, און דאַן קענען מיר מיט זיי גיין צוזאַמען אין געשלאָסענע רייען.

שענקער: איך בין מיט אייך מסכים.

האָפֿמאַן: איז גוט. און אונדזער דערווייליקער אויפֿגאָב איז אויפֿקלערונג און דעמאָנסטראַציע. און אויפֿקלערן קענען מיר ניט פֿון דרויסן, נאָר דוקא פֿון אינווייניק. מיר מוזן שאַפֿן אַן אויפֿברויז און ברענגען צו שפּאַלטונגען אין די רייען פֿון די נאַציס גופֿא.

שענקער: אָבער ווי אַזוי?

האָפֿמאַן: נעכטן האָבן מיר זיך פֿאַרקליידט פֿאַר סאָלאָווייטשאָן אַרמייער.

שענקער: פֿאַרקליידט בלויז, אָבער ניט סאָלאָוויי־שאָניסטן.

האָפמאַן: ווען נויטיק, דאַרפֿן מיר עס ווערן. מיר דאַרפֿן ווערן שענקער, אום צו אויפקלערן די שיכורים; מיר דאַרפֿן זיך אָנשליסן אָן די קירכן, אום צו וועקן די רעליגיעזע; מיר דאַרפֿן אַריינטרעטן אין די רייען פֿון די נאַצים, אום צו שאַפֿן שפּאַלטונגען דאָרטן גופֿא.

שענקער: אָנשליסן זיך אָן די נאַצים?!

האָפמאַן: יאָ. אָנשליסן זיך אָן די נאַצים, פֿאַרדינען זיי צוטרוי; אָנשליסן זיך אָן די שטורמער און ווערן זייערע קאַמעראַדן; ווערן זייערע הענקער אַפילו, אום צו געווינען זייער צוטרוי, אום צו ווערן זייערע פֿירער, און אַזוי אַרום שפּאַלטן זיי, שפּאַלטן זיי פֿון אינווייניק, שאַפֿן אַ בירגער קריג אין זייערע אייגענע רייען און ווען זיי וועלן זיך אויסמאַטערן, דערלאַנגען זיי זייער טויט־קלאַפּ — — —

פינצטער



# בילד נײַנצן

פּאָליצײַ־באַאַמטער (רעדט דורכן טעלעפאָן):

. . . קאַפּיטאַן קערקהאָפער? דאָס רעדט דער פּאָליצײַ־הויפּט פון נירענבערג. מיר האָבן הײַנט אויסגעפונען, אַז בײַ אונדז אין שטאָט געפינט זיך אַ געהײמער אַנטי־פאַשיסטישער קרײַז, וואָס פאַרשפּרייט אומלעגאַלע קאָמוניסטישע ליטעראַטור. די אָנפירער פון דעם קרײַז זײַנען אַן אומבאַקאַנטער מאַן און אַ פרוי. זיי זײַנען אָבער פאַרשוואונדן געוואָרן . . .

פינצטער

צווייטער פּאָליצײַ־באַאַמטער (רעדט אין טעלעפאָן):
. . . קאַפּיטאַן קערקהאָפער? דאָס רעדט דער פּאָליצײַ־הויפּט פון ברעמען. מיר האָבן הײַנט אויסגעפונען, אַז אַ סיסטעמאַטישע אַנטי־פאַשיסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז דאָ אָנגעפירט געוואָרן צווישן אַרבעטער אין די פאַבריקן און אַפילו צווישן שטורמער. די אָנפירער זײַנען געווען אַן אומבאַקאַנטער מאַן און אַ פרוי . . .

פינצטער

דריטער פּאָליצײַ־באַאַמטער (דאָס זעלביקע):
. . . דאָס רעדט דער פּאָליצײַ־הויפּט פון דוסעלדאָרף. אַן אומבאַקאַנטער מאַן און אַ פרוי . . .

פינצטער

עטלעכע פּאָליציי־באַמטע (רעדן גלייכצייטיק אויף טעלעפאָנען):

— דאָס רעדט דער פּאָליציי־הויפּט פון האַמבורג...
— דער פּאָליציי־הויפּט פון מינכען...
— דער פּאָליציי־הויפּט פון פראַנקפורט־אַם־מיין...
— דער פּאָליציי־הויפּט פון פראַנקפורט־אַם־אָדער...
— דער פּאָליציי הויפּט פון קעניגסבערג...
— דער פּאָליציי־הויפּט פון מאַגדעבורג...
— דער פּאָליציי־הויפּט פון בערנבורג...

אַלע: אַן אומבאַקאַנטער מאַן און אַ פרוי...
איינער: פאַרשפּרייט ליטעראַטור...
אַ צווייטער: אָנגעקלעפּט פּלאַקאַטן...
אַ דריטער: דורכגעפירט אַ דעמאָנסטראַציע...
פערטער: סיסטעמאַטישע פּראָפּאַגאַנדע...
פינפטער: גערופן צו אַן אויפשטאַנד...
זעקסטער: געהיימע דרוקעריי...

פינצטער

(דאָס ליכט פאַלט אויף קערקהאָפער, וועלכער רעדט אין טעלעפאָן)

קערקהאָפער: פּראָפעסאָר לאַנדויער? דאָס רעדט קאַפּיטאַן קערקהאָפער. איך האָב געקראָגן אַ ידיעה פון וואָרמס, אַז דאָרטן זיינען אַרעסטירט געוואָרן אַ מאַן און אַ פרוי, וואָס מען איז זיי חושד, אַז דאָס האָבן זיי אָנגעפירט די פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער אויף די פאַבריקן...

פינצטער

# בילד צוואַנציק

אַ תּפיסה־צעל.

אויף אַ בעט ליגט לאַזאַר האָפּמאַן. אויף אַ שטול, לעבן אים, זיצט דער דאָקטאָר. ביי אַ טיש דערביי זיצט אַ סטענאָגראַפיסטקע. עטלעכע שומרים, שטורמער, ביי דער טיר.

אַ קלאַפּ אין טיר. אַ שורמער קוקט אַרויס אין דרויסן.

שטורמער: דער הער פּראָפעסאָר לאַנדויער.
(עפנט די טיר. אַלע שטעלן זיך אויף).
לאַנדויער (צום דאָקטאָר): האָט ער זיך אַרויסגערעדט?
דאָקטאָר: ניין.
לאַנדויער: וועגן קיין זאַך ניט?
דאָקטאָר: ניין.
לאַנדויער: האָט איר דערהויבן זיין טעמפּעראַטור?
דאָקטאָר: ביז געפאַר פאַר זיין לעבן.
לאַנדויער: און פון היץ האָט ער אויך ניט גערעדט?
דאָקטאָר: ער האָט יאָ גערעדט, אָבער ניט וועגן ענינים, וואָס אינטערעסירן אונדז.
לאַנדויער: קאַנאַליע!
דאָקטאָר (נעמט פּאַפּירן פון דער סטענאָגראַפיסטקע און

גיט זיי איבער לאַנדויערן) : אָט דאָס איז אַלץ, וואָס ער האָט געזעדט.

לאַנדויער (קוקט אַריין אין די פּאַפּירן און שליידערט זיי דערנאָך אָן דר'ערד) : פאַרדאַמט און פאַרפלוכט!

לאַנדויער : סיידן היפּנאָטיזירן אים . . .

דאָקטאָר : ער וואַרפט זיך ניט אונטער.

לאַנדויער : אַפילו איצט, ווען ער איז אָפּגעשוואַכט?

דאָקטאָר : די וויטאַליטעט פון זיין ווילן איז אומבאַזיגבאַר. איך שטוין אַזש. ס'זעט אוים ווי פּיין וואָלט אים נאָך געשטאַרקט.

לאַנדויער : פאַרעקשנט ווי זיין גאַנצע פאַרפלוכטע אומה. (קוקט אויף האָפמאַנען) ער שלאָפט?

דאָקטאָר : ניין.

לאַנדויער : באַוואוסטלאָז?

דאָקטאָר : ביי זיין פולן באַוואוסטזיין.

לאַנדויער : הערט און זעט אַלץ?

דאָקטאָר : יאָ.

לאַנדויער : קאַנאַליע! (אין גרימצאָרן צו האָפמאַנען) פאַרפלוכטער איד, הערסט אַלץ און אין זיך שפּאָטסטו פון מיר? . . . איז — נאַ דיר! (און מיט זיין גאַנצן כוח טוט ער אים מיטן פוס אַ שטויס אין זייט).

האָפמאַן : (עפנט די אויגן, קוקט אים אָן און לאָזט אַפילו קיין קרעכץ ניט אַרוים).

לאַנדויער (אין גרוים רציחה) : פאַרפלוכטער! טויזנט מאָל פאַרדאַמטער! קיל כאָטש מיט אַ קרעכץ מיינע בלוטן!

(האָפמאַן שווייגט. טרייסלט ער אים)

קרעכץ כאָטש, פאַרדאַמטער!

(האָפמאַן שווייגט)

שווייגסט נאָך אַלץ, פאַרפלוכטער? שווייַן!

(און ער הויבט אויף זיינע הענט מיט דער באַוועגונג איינצועסן זיך אין זיין האַלדז).

דאָקטאָר (שטעלט אים אָפּ): איר שטעלט דערמיט זיין לעבן אין געפאַר. איר ווילט דאָך ניט, אַז ער זאָל שוין איצט שטאַרבן.

(דאָס קילט לאַנדויירן אָפּ. ער פאַלט אַנידער אויף אַ שטול).

לאַנדויער: פאַרפלוכטער! פאַרדאַמטער!

(ער זיצט אַ ווײַלע שטיל און דערנאָך ווענדט ער זיך צו אַלעמען)

לאָזט מיך דאָ איבער אַליין מיט אים!

(אַלע אָפּ.

ער זיצט אַ ווײַלע שטיל, קענטיק, ער וויל זיך באַהערשן. דערנאָך טראָגט ער צו זיין שטול צו דער בעט און זעצט זיך לעבן האָפּמאַנען.

רעדט מיט אַ ציטערדיקן, ווייכן קול:)

עפנט אויף אייערע אויגן, האָפּמאַן.

(האָפּמאַן באַוועגט זיך ניט.)

איך וועל אייך מער ניט פּייניקן. לאָמיר ריידן פריינטלעך.

(האָפּמאַן באַוועגט זיך ניט).

דאָס וואָרט „פריינטלעך" קלינגט געוויס משונהדיק צו אייך. ס'קלינגט משונהדיק אויך צו מיר. אָבער אייער פּיין איז אויך מיין פּיין און נאָך מער פון אייך בין איך געפּייניקט. קענען מיר דעריבער זיין פריינטלעך. עפנט די אויגן, איך בעט אייך! עס קלינגט מיין ריידן צו מיר משונה־ווילד, ווען איר האַלט אייערע אויגן פאַרמאַכט. עס קלינגען אָפּ צו מיר מיינע רייד, ווי אַ ווילדע עכאָ, וואָס וואַרפט אָן אַ שרעק.

(האָפּמאַן באַוועגט זיך ניט).

און ניט נאָר איצט, נאָר די גאַנצע צייט: די גאַנצע צייט זינט איר זיינט פאַרשוואונדן מיט אייער דערפינדונג און מיט אייער סוד; די גאַנצע צייט זינט איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די פּאַפּירן, וואָס מען האָט מיר פון אייער הויז געבראַכט, זיינען פּיקטיווע און האָבן צו דער דערפינדונג קיין שייכות ניט; די גאַנצע צייט זינט איר זיינט דאָ צוריק אין מיין רשות און וואָס איר ווערט געפּייניקט און ניט דערפּייניקט ביז אַ ווידוי.

אפשר זיינען מיינע ליידן נאָך טיפער פון אייערע. אַ, רעדט צו מיר, האָפּמאַן! לאָזט כאָטש הערן אייער שטימע! לאָמיר כאָטש דורך אייער שטימע דערפילן די מאַכט, וואָס ליגט אין אייך!

(האָפּמאַן עפנט די אויגן, באַטראַכט אים. לעבן אים זיצט אַ צעבראָכענער מענטש, אַ ווירקלעך ליידנדיקער. לאַנדויער דערפרייט זיך).

אַ, איר האָט אייערע אויגן געעפנט!

האָפּמאַן: הורדוס . . .

לאַנדויער (דערשראָקן): וואָס? . . .

האָפּמאַן: הורדוס . . . איוואַן דער גרויזאַמער . . .

לאַנדויער (נאָך מער דערשראָקן): הורדוס? . . . (ציטערט אָפּ פון אים, שטייט אויף) איוואַן דער גרויזאַמער? . . .

האָפּמאַן: ניט דו אַליין . . . איר אַלע . . . אַלע . . . די וועגן פון הורדוסן און איוואַן דעם שרעקלעכן זיינען געווען פאַרפּלייצט מיט בלוט און יעדער קרבן זייערער האָט זיך איינגעקלעמט אין זייערע זעלן און זיי געבראַכט נאָך מען פּיין פון דעם פּיין וואָס זיי האָבן אַליין געליטן. אָט אַזוי וועט איר אויך צאָלן.

לאַנדויער: שעלט ניט!

האָפּמאַן: איר האָט זיך אַליין פאַרשאָלטן.

לאַנדויער: און דו — זיך — ניט? . . .

האָפּמאַן: עס זיינען מיר ליב מיינע יסורים . . . ווי עס זיינען מיר ליב אַצינד די יסורים פון באַרוכן און די יסורים פון מיין מוטער . . . ווי עס זיינען מיר ליב געווען אַמאָל די יסורים פון מיין שאַפן . . . מיינע יסורים שאַפן אויך אַצינד . . .

לאַנדויער: שאַפן? . . .

האָפּמאַן: יאָ, זיי שאַפן, וואָרים זיי שאַפן אייך אָפּ!

לאַנדויער: איר זיינט זיך טועה, האָפּמאַן. אייערע יסורים ווערן דערשטיקט דאָ אין תפיסה . . .

האָפּמאַן: ניין, זיי ווערן ניט דערשטיקט! זיי קומען

אַרויס אין דרויסן! זיי וועלן אַרויסקומען!

לאַנדויער: און דערפֿאַר זיינט איר אַזוי פֿאַרעקשנט?

האָפמאַן: ס'איז ניט עקשנות.

לאַנדויער: דאַן גיב זיך אונטער!

האָפמאַן: וועמען? אייך?

לאַנדויער: ניין, ניט מיר — דער אידייע!

האָפמאַן: אידייע!? . . .

לאַנדויער: איך לייד יסורים, איר זיינט עס מודה. איר זיינט זיך אויך מודה, אַז מיינע יסורים זיינען גרויזאַם — נאָך גרויזאַמער פֿון אייערע. ווייבאַלד אַזוי, איז דאָך מיין אידייע שטאַרקער פֿון אייערער . . . אידייע איז אין ליידן . . . גיט זיך אונטער.

האָפמאַן: ניין.

לאַנדויער: דאַן איז עס עקשנות.

האָפמאַן: פֿינצטערניש!

לאַנדויער: מיר זיינען דאָס ליכט פֿונם פֿאָלק.

האָפמאַן: דער פֿאַנטאָם פֿון דער נאַכט.

לאַנדויער: און די יסורים, וואָס איך לייד?

האָפמאַן: פֿאַנטאָם־שרעק.

לאַנדויער: איך שטיי זיי אָבער אויס.

האָפמאַן: כל־זמן איך לייד נאָך.

לאַנדויער: און דערנאָך?

האָפמאַן: איך וועל באַלד שטאַרבן.

לאַנדויער (דערשראָקן): איך וועל עס ניט דערלאָזן.

האָפמאַן: איר מוזט דערלאָזן, ווייל איר וועט מיך נאָך פֿייניקן.

לאַנדויער: ניין!!!

האָפמאַן: איר וועט מוזן! ס'איז ניט אין אייער רשות. איר וועט מיך מוזן פֿייניקן, ווי אַ מאָרפֿיאָניסט מוז איינעמען מאָרפֿיום.

לאַנדויער: און דאַן?

האָפמאַן: זעט איר זיך אַרום, אַז ס'איז קיין אידייע ניט, און מיט די אייגענע הענט וועט איר פאַרענדיקן אייער לעבן. ווי יהודה איש קריות...

לאַנדויער (גייט פלוצים אַריין אין אַ ווילדער רציחה): מאַכסט אַן אָנשטעל פון אַ הייליקן! וועלן מיר נאָך זען, ווער עס וועט אין שטרייט געווינען!

(לויפט צו דער טיר און שרייט אַהין אַריין:)

אַריין! איר אַלע קומט אַריין!

(אַלע קומען צוריק.

לאַנדויער באַטראַכט די סטענאָגראַפיסטקע און דערנאָך רופט ער צו צו זיך איינעם פון די שטורמער און סודעט אים עטוואָס אַריין אין אויער. ווענדט זיך צו דער מיידל:)

איר קענט גיין, פריילין!

(דאָס מיידל גייט אַרויס און דער שטורמער נאָך איר.

לאַנדויער ווענדט זיך מיט רציחה צו האָפמאַנען:)

טרייסט זיך, פאַרדאַמטער, אַז דיינע יסורים וועלן אַרויס אין דרויסן... איז דאָ בלויז איינע געזוען, וואָס וואָלט אפשר געקענט דערציילן, וועט זי שוין מער די וועלט ניט אָנזען.

(מיט אַ סאַדיסטישן געלעכטער)

פון יענער וועלט גיט מען קיין סודות ניט אַרויס...

(האָפמאַן שווייגט.

לאַנדויער ווענדט זיך צום דאָקטאָר:)

וויפיל פיין קען ער נאָך פאַרטראָגן?

דאָקטאָר: ניט פיל.

לאַנדויער: און גייסטיקע פיין?

דאָקטאָר: דאָס אפשר יאָ.

לאַנדויער: דאַן זאָל דאָס מויד זיינע פאַר אים אין די אויגן געפייניקט ווערן.

האָפמאַן (שפרינגט אויף אין בעט): אָ, ניין! ניין!!

לאַנדויער (צופרידן): אַהאַ, גיסט זיך אונטער!

האָפמאַן: אָ, פינצטערניש!

(און ער פֿאַלט צוריק אין בעט און פֿאַרמאַכט די אויגן)
לאַנדויער (שפּרינגט צו צו אים): גיסט זיך אונטער?
(האָפּמאַן שווייגט.
ווענדט זיך לאַנדויער צו די שטורמער:)
ברענגט אים צוזאַמען מיט זיין מויד און וואַרט אויף מיינע באַ־פֿעלן.
(די שטורמער טראָגן האָפּמאַנען אַרויס).
דאָקטאָר: ס'איז דאָ אַ געהיימער באַפֿעל, אַז דאָס מיידל זאָל ניט געפּייניקט ווערן.
לאַנדויער: אַ באַפֿעל? פֿון וועמען?
דאָקטאָר: פֿון דער הויפּט־קוואַרטיר.
לאַנדויער: אומזין! פֿאַרוואָס זאָל אָט די פֿאַררעטער־רין געשאַנעוועט ווערן?
דאָקטאָר: דאָס ווייס איך ניט. איך ווייס אָבער, אַז זי ווערט אין תפֿיסה אָפּגעהיט באַזונדערס פֿון דעם פֿינאַנציר הענרי דייוויס.
לאַנדויער: אַהאַ... (שפּאַנט איבערן צימער) איז דאָ אַן אַנדער מיטל — קיין פֿיזישע פּיין! אָבער זאָל זי ווערן אַזאַ העסלעכקייט, אַז הענרי דייוויס זאָל זיך אָפּשאָקלען פֿון איר. אָפּגאָלן איר די האָר פֿון קאָפּ!
דאָקטאָר: יאָ, הער פּראָפעסאָר!
לאַנדויער (אין אַ דעמאָנישן עקסטאַז): און פֿאַר איר אין די אויגן אים קאַסטרירן — דעם פֿאַרפֿלוכטן אידן, דעם פֿאַר־פֿירער פֿון אַ דייטשער פֿרוי. וועט ער עס אויסהאַלטן?
דאָקטאָר: ער וועט שטאַרבן אונטערן מעסער.
לאַנדויער: דאַן טאָר מען דאָס ניט טאָן!
(ער שפּאַצירט איבערן צימער און דאַן — מיט שוים אויף די ליפּן:)
נו, האָב איך עטוואָס אַנדערש! וועל איך צוגרייטן אויף מאָרגן אַ ספּעקטאַקל פֿאַר דער גאַנצער שטאָט, וואָס וועט פֿאַרקלינגען די וועלט!...

פֿאָרהאַנג

# בילד איין און צוואַנציק

אַ סקווער אין בערלין.ביימער, בלומען, הייזער אין הינטערגרונט.

אין הינטערגרונט שטעלן צוויי אַרבעטער צונויף אַ פּלאַטפאָרמע, וואָס זעט אויס ווי אַן עשאַפאָט. הינטער איר הויכט זיך אַ מאַסט, אויף וועלכן עס פלאַטערט אַ פאָן מיטן האַקנקרייץ־עמבלעם.

פרויען און מענער, פאַראומערטע, שווייגנדיקע, גייען פאַרביי, דערזען די פלאַטפאָרמע, קערן זיי זיך אָפּ מיט שרעק.

ס׳איז אַ העלער זומערדיקער טאָג, וואָס נויגט זיך שוין צום פאַרגיין.

ערשטער אַרבעטער (באַטראַכט די פלאַטפאָרמע): געענדיקט ... (קוקט אויפן זייגער) פּינקט אַזייגער ... די צייט איז קורץ ... פאַרוואָס זאַמען זיי זיך? ...

צווייטער אַרבעטער: אפשר ווידער אַן איבערפאַל.

ערשטער אַרבעטער: דער פּלאַץ איז גוט פאַרבאָרגן.

צווייטער אַרבעטער: אָבער פּראָוואָקאַציע ...

ערשטער אַרבעטער: יאָ ...

צווייטער: אָבער „די פאָן" איז אַרויס אין צייט.

ערשטער: צו זייער צופּויקעניש ...

צווייטער: דעם טויט־קלאַפּ וועלן מיר זיי דערלאַנגען.

ערשטער: מיט דער דערוואַכונג פונם פּראָלעטאַריאַט!

צווייטער: מען גייט!

(זיי פאַנגען אָן האַמערן איבער דער פלאַטפאָרמע — כלומרשט די אַרבעט איז נאָך ניט פאַרענדיקט.
אַ שטורמער קומט אָן. ער קוקט זיי אָן מיט פאַרדאַכט און גייט פאַרביי. דערנאָך קערט ער זיך אום צוריק און שרייט פלוצים אויס:

שטורמער: האַיל היטלער!

(די צוויי אַרבעטער שפּרינגען אויף און גיבן אָפּ אַ סאַלוט.
דער שטורמער באַטראַכט זיי מיט רוגזה און רעדט אויס צווישן די ציין:)

דער שטורמער: קאַנאַליעס . . . און זיי בויען עס די פּלאַטפאָרמע . . .

(ער קערט זיך פון זיי אָפּ און גייט אַוועק. די ארבעטער זעצן זיך אַוועק אויף די טרעפּ פון דער פלאַטפאָרמע)

ערשטער: פינצטערע מאַכט . . .

צווייטער: פאַרברענט זאָלן זיי ווערן!

ערשטער: איך ווער אומרואיק.

צווייטער: ער קומט!

(זיי פאַנגען אָן צוזאַמענקלייבן זייערע געצייג.
(פון רעכטס קומט אָן אַן אַרבעטער. ער קוקט זיך ניט אום אויף די צוויי ביי דער פלאַטפאָרמע, נאָר צוקומענדיק נאָענט צו זיי, פאַלט ער אַנידער אויף דער ערד, אונטערן בוים.)

דריטער: סאַראַ היץ . . . קיל איז דאָ אין שאָטן פונם בוים.

ערשטער: יאָ, דאָ איז קיל.

דריטער (פאַררויכערט): פּאַראָל — „בליץ און דונער".
דריי־הונדערט־פיר־און־צוואַנציק האַמבורג־שטראַסע — קעלער.
זייטיקער אַריינגאַנג. צען טרעפּ אַרויף, זיבן אַרונטער, דריי טירן רעכטס. וועט איר געדענקען?

ערשטער: יאָ.

דריטער: קיין איינער טאָר ניט אויספעלן. לכל הפחות זאַלבעפופציק דאַרפֿן מיר זיין. מיין סיגנאַל — פוירהאַנג אַראָפּ און אַרויף.

ערשטער: אַ שטורמער שפּיאָנירט אונדז.

דריטער: איך ווייס. איך קען אים. איך וועל אים פֿאַרהאַלטן. איר טרעט אָפּ. ער קומט אָן.

(מאַכט זיך אַז ער שלאָפֿט איין.

די צוויי אַרבעטער פֿאַרנעמען זייער געצייג און גייען אַוועק.

(דער שטורמער קומט צוריק. ער שטעלט זיך אָפּ ביים אַר־בעטער אויף דער ערד און באַטראַכט אים אַ ווײַלע. דער־נאָך טוט ער פּלוצים אַ געשריי:)

שטורמער: האַיל היטלער!

(אַרבעטער שפּרינגט אויף און שטעלט זיך אין סאַלוט).

ריכטיק! אַפֿילו אין שלאָף דאַרף מען זיין וואַך צום רוף.

(דערלאַנגט דעם אַרבעטער זיין האַנט)

גוט מאָרגן, אָטאָ.

אַרבעטער: גוט מאָרגן. גיי און טרעף, אַז דאָ וועל איך דיך היינט באַגעגענען. ווי קומסטו אַהער?

שטורמער: דעם שטורמערס פֿליכט איז צו זיין דאָ און דאָרט און איבעראַל.

אַרבעטער: ריכטיק! ריכטיק!

שטורמער: אָט די וואָס האָבן דאָ די פּלאַטפאָרמע גע־בויט. פֿאַרדעכטיק זיינען זיי מיר.

אַרבעטער: האָסטו אויף זיי אַכטונג געגעבן?

שטורמער: יאָ. זיי זיינען אַוועק. וואָלט באַדאַרפֿט נאָכפאָלגן זיי.

אַרבעטער: ניט נויטיק. איך קען זיי. שטילע מענטש־לעך. ניטאָ וואָס נאָכצופאָלגן זיי. אין אַזאַ היץ — לאָמיר בע־סער גיין טרינקען אַ גלאָז ביר.

שטורמער: אויך רעכט.

(ביידע אָפּ.

דער סקווער בלייבט אויף אַ ווײַלע ליידיק. דערנאָך קומט אין מיליטערישן גאַנג אַ קליינע אָפּטיילונג שטורמער אָנגעפירט פון עלצטן. איינער פון זיי טראָגט אַ האָרן. זיי קומען צו צו דער פּלאַטפאָרמע).

עלצטער: שטייט!

אַלע: (בלייבן שטיין).

עלצטער: סיגנאַל!

סיגנאַלמאַן: (טרעט דריי טריט פאָרויס און שפּילט אויס אויפן האָרן אַ מיליטערישן סיגנאַל).

(די פאָרהאַנגען פון אַלע פענצטער הויבן זיך אויף און פון אומעטום קוקן אַרויס פּנימער, פאַרוואונדערטע און מיט שפּורן פון שרעק.

דער סיגנאַלמאַן טרעט צוריק און דער עלצטער טרעט אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע).

עלצטער: האַיל היטלער!

(אַלע, סיי שטורמער און סיי די צושויער ציען זיך אויס אין אַ סאַלוט.)

עלצטער: דייטשע בירגער! היינט וועט איר זען אַ פאָרשטעלונג, נאָך וועלכער איר האָט שוין לאַנג געגאַרט! אַן אומריינער, אַ איד, אַ פאַררעטער, וועט באַלד דאָ איבערגעגעבן ווערן צו שפּאָט! זיין נאָמען איז אייך באַקאַנט — לאַזאַר האָפמאַן! — שאַנד צו זיין נאָמען!

אַלע (מערסטע קענטיק אומווויליק, שרייען אויס): שאַנד צו זיין נאָמען!

עלצטער: ער האָט דאָס פאָטערלאַנד פאַרראַטן! ער האָט זיך געקליגט אומצואוואַרפן אונדזער רייך! ער האָט דעם האַקנקרייץ געוואָלט פאַרשוועכן — וועט ער, אין שאַנד, דעם האַקנקרייץ אויף זיינע פּלייצעס היינט דאָ פאַר אייך פאַרביי־טראָגן! שאַנד צו אים!

אַלע: שאַנד צו אים!

קלאַראַ פאָן ווירטענבערג . . .

אַלע: בו־הו . . . בו־הו . . .

עלצטער: אַזוי איז ריכטיק . . . אַזוי דאַרף איר נאָמען באַגעגנט ווערן. ליידער איז זי פון אונדזער אייגענעם שטאַם און דערצו נאָך פון אַדעליקן שטאַם . . . איר חרפה איז דערמיט נאָך גרעסער! שאַנד און שפּאָט צו איר!

אַלע: שאַנד און שפּאָט צו איר!

עלצטער: דייטשע בירגער! היינט וועט איר מוזן באַווייזן ווי טריי איר זייט צו אונדזער זאַך! איר אַלע קומט גלייך אויפן סקווער אַרויס און באַווייזט מיט אייער קול און טאַט ווי פאַררעטער דאַרפן באַגעגנט ווערן! איר אַלע — אויפן סקווער!

(ער טרעט אַרונטער פון דער פּלאַטפאָרמע און שטעלט אויס זיין אָפּטיילונג שטורמער ווי אַ וואַך אַרום איר.

פון דער ווייט פאַנגט אָן דערטראָגן זיך, און ס'קומט צו אַלץ נעענטער, דער אָפּקלאַנג פון מיליטערישער מוזיק.

פון די הייזער פאַנגען אָן אַרויסשטראָמען זייערע איינוואוינער. מענער און פרויען און קינדער. אַ גרויסער המון. זיי שטייען אַלע דערשראָקן און פאַרווירט. קענטיק, אַז זייער זיין דאָ איז זיי ניט צום האַרצן.

מיט שרעק קוקן זיי אין דער ריכטונג פון וואַנען עס דערטראָגט זיך די מוזיק.

די מוזיק דערנעענטערט זיך. צווישן המון דערפילט זיך אַן אומרואיקע שטימונג. שטילע אויסגעשרייען:

— זיי קומען!

— מען פירט זיי!

און ווי אַ סטאַדע איבערגעשראָקענע שעפּסן טרעט דער עולם אָן אַ זייט און טוליעט זיך איינס צום אַנדערן.

די פּראָצעסיע קומט אָן. אַ מיליטערישער בענד, וואָס שפּילט דעם נאַצי־הימן, גייט פאָרויס, און נאָך אים פירט אַ וואַך לאַזאַר האָפמאַנען און קלאַראַן.

לאַזאַר האָפמאַן איז שרעקלעך געענדערט. ער זעט אויס בלויז דער שאָטן פון דעם אַמאָליקן האָפמאַנען. האַלב־נאַקעט און באָרוועס, מיט אָפענע וואונדן איבער זיין פנים און לייב. זיינע האָר זיינען שוין אינגאַנצן גרוי און זיין פנים, וואָס איז אין משך פון וואָכן ניט געגאָלט געוואָרן, איז באַוואַקסן מיט אַ צעקודלעטער באָרד.

קוים וואָס ער גייט, איינגעבויגן אין דרייען אונטער דעם יאָך פון אַ גרויסן האַקנקרייץ, וואָס ער שלעפּט אויף זיך. זיינע פיס בויגן זיך קענטיק אונטער אים און ער שטרענגט אָן זיינע לעצטע כוחות ניט צו פאַלן אונטער זיין יאָך.

ער איז אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער וואַך און ווי נאָר האָפמאַן פאַרלאַנגזאַמט זיין גאַנג, שטויסן זיי אים אונטער מיט די הענטלעך פון זייערע ביקסן. גייט ער ווייטער.

אויפן האַקנקרייץ וואָס ער טראָגט, איז מיט בולטע אותיות אָנגעשריבן:

**„איך, לאַזאַר האָפמאַן, דער מנובלדיקער איד, בין אַ שמו־ציקער הונט און אַ פאַררעטער“.**

אויף זיין האַלדז איז אָנגעטאָן אַ פּעטליע, שטאַרק פאַר־צויגן, אַזש זי ווערגט אים, און פון איר ציט זיך אַ לאַנגע שטריק, וואָס איר צווייטער עק ענדיקט זיך אויך אין אַ פּעט־ליע, וואָס איז פאַרצויגן איבערן האַלדז פון קלאַראַן.

אויפן שטריק הענגט אַ גרויסער שילד מיטן אָנשריפט:

**„די באַהעפטונג פון שאַנד**
**און נידערטרעכטיקער בונד**
**צווישן שונא פונם פאָטערלאַנד**
**און דעם שמוציקן הונט.“**

קלאַראַ זעט אויס ווייניקער אויסגעמאַטערט פון האָפ־מאַנען און אָן אָפענע וואונדן אויף איר לייב, איז אָבער אַ גרויל פון עטוואָס אַנדערש און נאָך גרויזאַמערס, וואָס איז איר אָפגעטאָן געוואָרן — איר קאָפּ איז ריין אָפּגעגאָלט און די אָפגעגאָלטע האָר זיינען פאַרפלאָכטן אין צוויי לאַנגע צעפּ, וואָס זיינען צוגעטשעפּעט צו אַ שילד, וואָס הענגט איבער איר ברוסט און אויף וועלכן עס איז אָנגעשריבן:

**„מיין נשמה האָב איך פאַרקויפט צום טייוול
און מיין גוף — צום איד."**

זי איז אָבער ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן, קלאַרע, און קאָנ־טיק, אַז איר אַרט ניט די שאַנד און שפּאָט צו וועלכע זי איז איבערגעגעבן — איר קימערט בלויז לאַזאַר האָפמאַן און זיינע יסורים און פּיין.

זיי פאָלגט נאָך אַן אָפּטיילונג שטורמער און נאָך זיי אַ גרויסער צעיושעטער המון, מיט גרעגערס און טרומייטן און מיט ווילדע געלעכטער און אויסגעשרייען.

אָן דער זייט פון דער פּראָצעסיע, נאָכפאָלגנדיק זי, אָבער אָפּגעזונדערט פון איר, זעט זיך אַ טרויעריקער געשטאַלט פון אַ פרוי, געקליידט אין שוואַרצן, מיט אַ דעקטוך איבערן פּנים — מאַריאַ פאָן ווירטענבערג, קלאַראַס מוטער.

און עטוואָס אָן דער זייט פון איר, נאָכפאָלגנדיק זי און בלייבנדיק פונדערווייטן, זעט זיך אַ געשטאַלט פון אַ מאַן — אַ געשטאַלט פון געבראָכענעם שטאָלץ — אָטאָ פאָן ווירטענ־בערג.

די פּראָצעסיע קומט אָן צום סקווער, קומט צו צו דער פלאַטפאָרמע און שטעלט זיך לעבן איר אָפּ.

אַ טויט שטילקייט פונם המון, וואָס איז דאָ אָנגעגרייט פון פריער; אַ מוראדיקער יאָוועלען פון דעם אָנגעקומענעם המון.

די מוזיק הערט אויף שפּילן. דער סיגנאַלמאַן גיט דעם סיגנאַל און דער המון ווערט שטיל. דער עלצטער טרעט אַרויף אויף דער פלאַטפאָרמע.)

**דער עלצטער: דייטשע בירגער! יאָרן, לאַנגע יאָרן, פיינפולע יאָרן האָבן אידן און מאַרקסיסטן איבער אונדז גע־הערשט. זייער מאַכט איז אָבער איצט געענדיקט! אָט האָט איר דאָ פאַר זיך צוויי פאַררעטער, וואָס מיר האָבן אין אונדזער משפּט און אין די געזעצן פון אונדזער דערוואַכטן גייסט — אַהער פאַר אייך געבראַכט. זאָלן זיי זיין צו אייער שפּאָט און שאַנד! דייטשע בירגער! לאַנג לעבן זאָל אונדזער פאָ־טערלאַנד!**

(דער המון ווידערהאַלט דעם אויסרוף.)

**האַיל היטלער!**

(אַלגעמיינער סאַלוט.

בלויז האָפמאַן און קלאַראַ סאַלוטירן ניט. קלאַראַן לאָזט מען אָבער צורו און אויף האָפמאַנען ווערט געצויגן דעם עלצטנס אויפמערקזאַמקייט).

עלצטער: **אונדזער סאַלוט איז אויפגענומען געוואָרן פון אַלעמען, חוץ פון איינעם — פון אָט דעם זעלביקן פאַר־פלוכטן אידן. האַיל היטלער!**

(אַלע סאַלוטירן, אַ חוץ האָפמאַנען. דער עלצטער גייט אַריין אין רציחה — צו די שטורמער:)

**זאָל ער אויפנעמען דעם סאַלוט!**

אַ שטורמער: **סאַלוט, פאַרפלוכטער איד!**

(האָפמאַן באַוועגט זיך ניט. דער שטורמער עסט זיך איין מיט זיינע הענט אין האָפמאַנס לייב און טרייסלט אים—)

**סאַלוט, שווייַן!**

(האָפמאַן פאַנגט אָן ציטערן אונטער די לאַפּעס פון דעם שטורמער און באַלד זינקט ער איין און בלייבט ליגן אומבאַ־וועגלעך און מיטן האַקנקרייץ אויף אים.

קלאַראַ זעט עס און זי פאַנגט זיך אָן רייסן צוצוקומען צו אים.

איר וואַך פאַרשטעלט איר דעם וועג און זי ראַנגלט זיך מיט זיי און שרייט באַנומען:)

קלאַראַ: **לאָזט אָפּ! לאָזט אָפּ, בעסטיעס! לאָזט אָפּ, תלינים!**

(פון איר אויסגעשריי ווערט דער עולם באַנומען און שטייט שטום.

און איר מוטער, דערהערנדיק דעם אויסגעשריי, און ניט וויסנדיק וואָס און ווען — פאַנגט זי אָן דורכרייסן זיך דורכן המון, און איר מאַן נאָך איר.)

מאַריאַ: **קלאַרכען! לאָזט מיך דורך! לאָזט מיך דורך!**

(שטורמער פאַרשטעלן איר דעם וועג.
צו איר קומט שנעל צו איר מאַן.)

פאָן ווירטענבערג: **מאַריאַ! מאַריאַ! טאָרסט ניט רייסן זיך אַהין!**

מאַריאַ (שטויסט אים אָפּ): **טרעט אָפּ ברוט!** (און מיט באַנומענע קולות הערט זי ניט אויף צו רייסן זיך—) **קלאַרכען! קלאַרכען!**

דער עלצטער (שרייט אוים): **פאַרשטומט די קאַ־נאַליעם!**

(די וואַך לעבן קלאַראַן, אום צו פאַרשטומען זי, פאַרציען זיי די פעטליע אויף איר האַלדז. זי פאַנגט זיך אָן ווערגן און ווערט שטום. דאַן פאַרשטעלן זיי איר דעם מויל מיט זייערע לאַפּעס און לאָזן אָפּ די פעטליע. קלאַראַ לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, וויינט שטיל און ציטערט מיט איר גאַנצן קערפּער.

אַנדערע שטורמער הויבן אויף איר מוטער, און, אַ ראַנ־גלענדיקע, אַ קוויטשענדיקע, אַ היסטערישע טראָגן זיי זי אַוועק פון דעם סקווער.

אָטאָ פאָן ווירטענבערג פאָלגט זיי נאָך.)

דער עלצטער (ווענדט זיך צום המון): **עס האָבן די פאַררעטער און פאַרשמוצטע אָנגעמאַכט אַביסל טומל. אָבער דאָס דייטשע האַרץ ווערט פון אַזעלכע אָנשטעלן ניט ווייך.** (צו די שטורמער:) **פירט זיי אַרויף אויף זייער אָרט אויף דער פּלאַטפאָרמע!**

(שטורמער שלעפּן אַרויף האָפמאַנען אויף דער פּלאַט־פאָרמע. ער איז פאַרחלשט. בינדן זיי אים צום האַקנקרייץ און בינדן צו דעם האַקנקרייץ צו דער מאַסט. קלאַראַ ווערט אַוועקגעשטעלט ביים צווייטן זייט פון דער פּלאַטפאָרמע.)

דער עלצטער: **ער מאַכט זיך געפּייגערט, דער פאַר־פלוכטער איד — ס'פעלט אים אוים מוט צו באַגעגענען אונדזע־רע בליקן פון שפּאָט און פאַראַכטונג. מיר ווילן אים אָבער באַלד אָפּמינטערן! וואַסער!**

(מ׳דערלאַנגט אים וואַסער און ער גיסט עס אויף האָפּ־
מאַנען. האָפּמאַן עפנט זיינע אויגן.)

**אַהאַ, געווירקט! פאַרפלוכטער! . . .**

(ער מערקט אָבער, דער עלצטער, אַז דער עולם איז פאַר־גליווערט, אַז עס פעלט דער נויטיקער ענטוזיאַזם, וואָס ער האָט געוואָלט אין אים אַרויסרופן, קומט ער דעריבער אַרויס מיט אַ באַפעל—)

**שטורמער! שליסט אויף אייערע רייען! עפנט אויף די טויערן פונם סקווער! דאָס גאַנצע פאָלק אַהער! שטורמער און פאָלק! היינט איז ביי אונדז אַ גרויסע שמחה! אַלע אי־ניינעם אַהער אויפן סקווער! שמחה! טאַנץ! מוזיק!**

(דער בענד פאַנגט אָן שפּילן דעם וואַלקירן טאַנץ פון וואַגנער. די טויערן עפענען זיך. דער המון שטראָמט אַריין. שטורמער און ציווילע מישן זיך אויס. פּייפעריי, אויסגע־שרייען, ווילדער געלעכטער —און אַלץ שטראָמט אַוועק אין אַ ווילדן, עכט־וואַלקירן־טאַנץ.

עס האָט זיך אָנגערוקט דערווייל די נאַכט. דער עולם איז איינגעהילט אין פינצטערניש. בלויז אויף דער פּלאַט־פאָרמע איז אָנגעשטעלט אַ רעפלעקטאָר און באַלייכט זי העל.

אין מיטן דערינען קומט פון ערגעץ אָן נאָך אַן אָפּטיי־לונג שטורמער און, מערקווירדיק, אָנגעפירט איז זי פון — **קאַרל פילינגער!**

זיי מישן זיך אויס מיטן המון און גייען אויך אַריין אין טאַנץ.

דער טאַנץ ווערט ווילדער און ווילדער.

און — מיטאַמאָל — פאַנגען אָן פלאַטערן צווישן דעם המון צייטונגען און אויפרופן; גאַנצע פּעק מיט אויפרופן ווערן אויסגעשאָטן ווי קאָנפעטי צווישן המון. דער עולם כאַפּט זיי אויף, און פאַרציטערט, און אין שרעק, לייענען זיי די קעפּ־לעך און רוקן זיך אָפּ אָן אַ זייט.)

אויסרופן:

**— די רויטע פאָנע!**

**— דער אמת וועגן היטלער־רעזשים!**

— **די געשיכטע פון לאַזאַר האָפמאַן!**

— **דער אמת וועגן קלאַראַ פאָן ווירטענבערג!**

דער עלצטער (שפרינגט אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע און שרייט באַנומען): **פאַרראַט! פאַרראַט! קאָמוניסטי־שער פאַרראַט! כאַפּט די קאָמוניסטן!**

(דער עולם, אין טויט־שרעק, טרעט צוריק. די שטור־מער לויפן אַרום צווישן אים און זוכן די שולדיקע. זיי געפי־נען זיי אָבער ניט. פאַרגליווערטקייט און טויט־שטילקייט.

קלאַראַ פאַלט צו צו האָפמאַנען — )

קלאַראַ: **אָ, לאַזאַר! . . . לאַזאַר! . . .**

(און מער קען זי ניט ריידן. זי זינקט לעבן אים אויף די קני, נעמט אַרום מיט אירע הענט זיינע פיס, צעגיסט זיך אין יאָמער.

דער עולם, פאַרגליווערט, נעמט פון זיי קיין אויג ניט אַראָפּ.

בלויז דער עלצטער, ווי וואַנזיניק, לויפט אַרום צווישן עולם מיט די אויסגעשרייען: **פאַרראַט! די קאָמוניסטן!**

האָפמאַן (לייגט אַרויף זיין האַנט אויף קלאַראַס קאָפּ. זיין האַנט רירט אָן אַ גלאַטן שאַרבן און — זי ציטערט אָפּ. אַ אויסדרוק פון מוראדיקן פיין אויף האָפמאַנס פּנים. ער קערט זיין האַנט אָבער באַלד צוריק צו קלאַראַס קאָפּ און גלעט איר גלאַטן שאַרבן): **וויין ניט, קלאַראַ! טרערן — שוואַכקייט . . . מיר מוזן זיך שטאַרקן! . . . דער קאַמף איז ניט פאַרלוירן . . . איך זע די צוקונפט — אַ ליכטיקע . . .**

(מער רעדט ער ניט. ער איז צו שוואַך צו ריידן).

קלאַראַ (יאָמערט ביי זיינע פיס): **אָ, לאַזאַר! לאַזאַר!**

(אַ לאַנגער, אויסגעצויגענער קוויטש פון הינטערן עולם.

דער עולם, אַן אויפגעציטערטער — טרעט אָפּ.

פון ערגעץ, פון דער פינצטער רייסט זיך אַריין יאָהאַנאַ און לאָזט זיך לויפן צו דער פּלאַטפאָרמע).

יאָהאַנאַ: **הייליקער קריסטוס!**

(דער עולם ווענדט אָן זיינע בליקן צו דער פּלאַטפאָרמע.

זיי מערקן האָפּמאַנען אויפן האַקנקרייץ און יאָהאַנאַס סוגעס־ציע שיינט פאַר זיי אוים ווי אַ ווירקלעכקייט — האָפּמאַן זעט אוים ווי קריסטוס אויפן קרייץ.

ציט זיך צוריק דער עולם און אין אבערגלויבערישער שרעק—)

אויסגעשרייען:

— **קריסטוס!**

— **קריסטוס ווערט פאַרפייניקט!**

— **קריסטוס אויפן קרייץ!**

(שרעק. דער עולם שטופט זיך צום אַרויסגאַנג. אַפילו די שטורמער ווערן באַנומען פון דער שרעק און צוזאַמען מיטן עולם ציען זיי זיך צוריק.)

דער עלצטער (לויפט אַרום צווישן עולם): **פאַרראַט! פאַרראַט!**

(קיינער הערט אים אָבער ניט מער. דער עולם איז פון ווילדער שרעק באַנומען.)

יאָהאַנאַ (אויפן וועג צו דער פּלאַטפאָרמע): **הייליקע מוטער!**

(די הייליקע מוטער? ווירקלעך די הייליקע מוטער! די היסטערישע, קניענדיקע קלאַראַ — ווי דער געשטאַלט פון דער הייליקער מוטער!

פּאַניקע צווישן המון—)

באַנומענע אויסגעשרייען:

— **די הייליקע מוטער!**

— **קריסטוס ווערט געפּייניקט!**

— **דער צאָרן פון גאָט אויף אונדז!**

— **זאָל זיך ראַטעווען ווער נאָר עס קען!**

יאָהאַנאַ: (קומט דערוויייל צו צו דער פּלאַטפאָרמע און פאַלט צו צו האָפּמאַנען): **אָ, הער האָפּמאַן! וואָס האָבן זיי צו אייך געהאַט? . . . אָ, הער האָפּמאַן!**

(און זי נעמט אים אָפּבינדן פונם האַקנקרייץ און שרייט אוים צו קלאַראַן—)

**העלפט מיר!**

(אָבער קלאַראַס הענט זיינען אָפּגעשוואַכט און ציטערן און זי קען איר ניט העלפן.)

האָפמאַן (הויבט אויף זיינע אויגן און דערקענט יאָהאַנאַן): **יאָהאַנאַ... טרייע נשמה... קלאַראַ...**

(און ער מערקט, אַז יאָהאַנאַ וויל אים אָפּבינדן, טוט ער אַ מאַך מיט דער האַנט:)

**צו שפּעט... מען דאַרף ניט, יאָהאַנאַ... איך שטאַרב... קימערט זיך ניט פאַר מיר... פירט אָן דעם אָנגעפאַנגענעם קאַמף... בויט די שיינע וועלט...**

(ער בלייבט הענגען אויפן האַקנקרייץ — טויט.
האַרצרייסנדיקע אויסגעשרייען פון קלאַראַן און יאָהאַנאַן)

זיי ביידע: **טויט... טויט...**

(און קלאַראַ פאַלט צו צו אים— )

קלאַראַ: **לאַזאַר! לאַזאַר!**

יאָהאַנאַ: **הער האָפמאַן! הער האָפמאַן!**

דער עולם (טרעט צוריק אין אַ פּאַניק):

— **טויט!**

— **קריסטוס!**

— **גאָטס צאָרן!**

קלאַראַ: **לאַזאַר! לאַזאַר! טאָרסט ניט זיין טויט!**

יאָהאַנאַ: **הער האָפמאַן! אָ, הער האָפמאַן!**

דער עלצטער (לויפט אַרום צווישן המון): **פאַרראַט! פאַרראַט!**

(דער עולם, אין ווילדן פּחד, טרעט צוריק, ברעכט די צוימען פונם סקווער און אַנטלויפט.

דער עלצטער נאָך זיי.

בלויז פּילינגערס „שטורמער" בלייבן. זיי רינגלען אַרום — ווי אַן ערן־וואַך — די פּלאַטפאָרמע.

פּילינגער טרעט אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע און טרעט צו צו האָפמאַנען—)

פּילינגער: **טויט...**

(ער שטייט אַ ווײלע — אין טרויער פאַרטיפט.
דערנאָך סאַלוטירט ער—)

**סאַלוט צו דיר, לאַזאַר האָפמאַן!**

(פויזע. די „שטורמער״ סאַלוטירן אויך.
אין אַ סאַלוט — אַ פאַרגליווערטע פויזע.)

פילינגער: **סאַלוט צו דיר, לאַזאַר האָפמאַן! סאַלוט צו דיין שיינעם טויט! דער שיינער טויט פון דעם שענסטן לעבן!**

(און דערנאָך ווענדט ער זיך צו קלאַראַן—)

**אים צו ראַטעווען איז צו שפּעט . . . דו זאָלסט אָבער גע־ראַטעוועט ווערן!**

אָבער קלאַרע: ניט זי זעט און ניט זי הערט — פאַרטיפט אין איר ווייטיק, ליגט זי ווי פאַרחלשט ביי האָפמאַנס פיס.

הויבט פילינגער זי אויף פון דער ערד און צאַרט, ווי אַ פאָטער זיין קראַנק קינד, טראָגט ער זי אַרונטער פון דער פלאַטפאָרמע).

פוירהאַנג



